# די נסיעה פון רבי נחמן בראסלאווער קיין ארץ ישראל

לויט דעם שבחי הר"ן
אין העברעאיש און אידיש
מיט אן איינלייטונג, דערקלע-
רונגען און באמערקונגען

פון ש. צ. זעצער




ניו־יורק — תרפ"ח

## פון זעלבען מחבר:

א) רבי ישראל בעל־שם־טוב — צוויי בענדער.
ב) צו דער ענטשטעהונג פון קריסטענטום.
ג) מדת הרחמים.
ד) פיגורען.

## אין דרוק:

א) ספורי מעשיות פון ר״נ בראסלאווער.
ב) וועלטען — עסייען.
ג) אין שטראם — פובליציסטישע שריפטן.

## פארטיג צום דרוק:

א) אידישע געשיכטע — דריי בענדער
פון גלות בבל ביז די חשמואים.
ב) די אפאקריפען.

## ערשטע אָפּטיילונג



## צווייטע אָפּטיילונג

### די נסיעה פון רבי נחמן בראַסלאַווער קיין א"י



---

דאָס דאָזיגע בוך איז אַ מעהר פאָלשטענדיגע, מעהר פאָלקאָמע בע־אַרבייטונג פון פראַגמענטען איינצעלנע, וואָס זיינען געדרוקט געוועזן — אויסער דעם נאָכדעם צוגעשריבענעם לעצטען קאַפּיטעל פון דער איינלייטונג — אין „מאָרגען זשורנאַל“, 1927 — אונטערן נאָמען „די נסיעה פון רבי נחמן בראַסלאַווער קיין ארץ־ישראל“.

# אײנלײטונג

.1

„און העלף אונז, גאָט, צו גלוסטען און צו בענקען שטענדיג צו קומען קײן ארץ־ישראל".

די דאָזיגע ציטאַטע איז פון דער תפלה, װאָס רבי נתן, דער גרויסער תלמיד פון דעם גרויסען רבין זײנעם, רבי נחמן בראָסלאַװער, האָט פאַרפאַסט װעגען דעם ענין פון דערצעהלען ספורי מעשיות פון צדיקים.

עס איז אָבער גאָר איבעריג צו זאָגען, אַז װעניגער װי אויף אַלע אַנדערע זאַכען, האָט מען ניט נאָר אין די קרײזען פון די בראָסלאַװער חסידים, נאָר אויך אין די אַלע חסידישע קרײזען בכלל, באַדאַרפט בעטען אויף „גלוסטען און גאַרען שטענדיג צו קומען קײן ארץ־ישראל".

װאָס דען נאָך פאַר אַן אַנדער געפיהל איז שטענדיג אין צענטער פון זײער נשמה, פון זײער האַרץ געשטאַנען, װי דאָס גלוסטען, דאָס גאַרען זײערס צו קומען קײן ארץ־ישראל, איז דאַרטען געשטאַנען? פון װאָס דען עפּעס אַנדערש נאָך זײנען די אַלע קלענסטע צעלען פון זײער אינערליכען װעזען באַהערשט געװען, װי פון דעם באַגעהר זײערען דאָס הײליגע לאַנד צו זעהן? װאָס דען נאָך פאַר אַנדערע װיזיאָנען האָבען זײ שטענדיג געפאַנגען געהאַלטען, װי די משיח־װיזיאָן? אויף װאָס דען נאָך האָבען זײ אַזוי אויסגעקוקט זײערע אויגען, װי אויף דעם קומען פון דעם גואל, דורך װעלכען זײ זאָלען אין הײליגען לאַנד געפיהרט װערען?

אײנע פון די אינטערעסאַנטסטע ערשײנונגען אין חסידות, פון די אינטערעסאַנטסטע כאַראַקטער־שטריכען זײ־

נע, איז געווען דאָס שטענדיגע זוכען זיינס — אין א פיעל גרעסערער מאָס, ווי די פריהעריגע בעלי־קבלה פלעגען עס טאָן — דעם סוד פון קץ צו דערגעהן, דאָס שטענדיגע באַשעפטיגען זיך זיינס מיט אויסגעפינען דאָס יאָהר, אין וועלכען מען באַדאַרף די גאולה ערוואַרטען. אויף יעדער פופצעהן־צוואַנציג יעהריגער תקופה האָבען זיי — די חסידישע לעהרער און פיהרער — א קץ געהאַט. אין יעדען קורצען פעריאָד יאָהרען אַזעלכען האָט זיך געפונען א יאָהר, וואָס איז אַלס שנת גאולה באַצייכענט געווען, אין וועלכען מען האָט ביאת הגואל ערוואַרטעט.

די דאָזיגע ערשיינונג האָט פאַר זיך פּלאַץ געפונען אין לעבען פון חסידות ביז גאָר דער לעצטער תקופה נאָך.

אין די ניין־צעהן יאָהר פון תרמ"ז ביז תרס"ו אַליין זיינען — אויף וויפיעל דער זכרון מיינער האָט עס נאָך פון אַט יענע קינדער און פריהסטע יוגענד־יאָהרען מיינע פאַרצייכענט אין זיך — עטליכע אַזוינע משיח־יאָהרען געווען. דאָס יאָהר תרמ"ז איז ערוואַרטעט געוואָרען אַלס גאולה־יאָהר, ווי עס האָט מרמז געווען דערויף דאָס וואָרט „זמרת" אין דעם פסוק „עזי וזמרת יה ויהי לי לישועה". דאָס יאָהר תרמ"ח איז אויך ערקלעהרט געוואָרען אַלס יאָהר, וואָס די גאולה האָט דעמאָלט געדאַרפט קומען. דעם רמז דערויף האָט מען געפונען אין וואָרט „תרחם", פון פסוק „אתה תקום תרחם ציון" *). לויט דעם רמז ווידער פון דעם וואָרט „וזמרת"

*) דאָס יאָהר תרמ"ח איז אַלס גאולה יאָהר ערקלעהרט געוואָרען פון רבי אברהמעלע טריסקער, דער מחבר פון גוט־אידישען ספר „מגן אברהם" — צייכענט זיך אויס מיט גוט־אידישע גמטריות איינפּעלע — און אַן עלטערער ברודער פון רבי דודל טאַלנער. געשטאָרבען אין יאָהר תרמ"ט.

אין דעם גאר פריהער געבראכטען ווארט „זמרת“ צוזאמען מיט דער ו"ו החיבור זיינעם, ווי ער קומט אין יענעם פסוק, איז אויך דאס יאהר תרנ"ג אלס משיח־יאהר ערקלעהרט געווארען. דאס יאהר תרס"ו ווידער איז לויט א געוויסער שטעלע אין „זוהר“ הקדוש אלס גאולה־יאהר ערווארטעט געווארען.

פיעלע תהומען טיעפע טיילען מיך פאנאנדער פון אט יענע קינדער און יוגענד יאהרען. עס איז אבער נאך געבליבען פריש אין זכרון מיינעם דער איינדרוק, וואס אט יענע גאולה־האפנונגען האבען געמאכט אויף מיר, ווי אזוי איך בין אין גאנצען באהערשט געווען פון זיי דעמאלט, ווי שטארק עס האט דעמאלט א טיפער גלויבען אין אט יענע אלע משיח בשורות אין מיין קינדערש הארץ געלעבט.

און פריש איז אין זכרון מיינעם געבליבען אויך די ארומיגע שטימונג אין די חסידישע קרייזען. דער טיעפער גלויבען אין די משיח בשורות, וואס האבען זיך דעמאלט אין דער לופט פון אונזער שטעדטעל געטראגען, האט אויך אין די הערצער פון די דערוואקסענע ניט וועניגער שטארק, ווי אין מיין קינדערש הארץ געלעבט. אויך זיי זענען פון די גאולה־האפנונגען באהערשט אינגאנצען געווען. מיין קינדערשער גלויבען איז נאר א פראדוקט פון יענעם אלגעמיינעם גלויבען געווען. מיין קינדערשע שטימונג האט איהר יניקה פון דער ארומיגער שטימונג געצויגען.

---

אט אזוי זיינען שוין אויך אין דער גאר לעצטער צייט, אין א משך פון נאר איין צעהנדליג יאהרען כמעט אזוי פיעל משיח יאהרען געווען. די אונערפילטע האפנונגען אין דעם פארשפראכענעם משיח יאהר האבען ניט געבראכט צו קיין פארצווייפלונג. עס איז באלד באשטימט געווארען אן

אנדער משיח יאהר פאר דער ערפילונג פון די דאזיגע האפ־
נונגען.

און אט אזוי איז שטענדיג אין אלע צייטען געווען.

די גרעסטע ענטוישונגען האבען אמאל די אדער יענע
ערווארטעטע משיח־יאהרען געבראכט מיט זיך. אפטמאל
האבען זיי נאך אנשטאט די ערווארטעטע אין זיי גאולה, אומ־
גליק גרויסען, צרות אומבאשרייבליכע פאר דעם אידישען
פאלק געבראכט מיט זיך. ווי גרויס עס איז אבער דער
אומגליק ניט געווען, האט ער קיין מאל ניט צו האפנונגס־
לאזיגקייט געבראכט. פון אונטער די חורבות נאך פון זייערע
ניט ערפילטע האפנונגען האבען זיי שוין דאס ערשיינען
פון א ניי משיח יאהר געזעהן. ווי גרויס עס איז דער אומ־
גליק ניט געווען, ווי שוידערליך עס איז אין איהם די אי־
לוסטרירונג ניט געווען, אז משיח איז נאך ניט געקומען,
איז ער אבער נאך אלץ ניט בכח געווען אויסצואווארצלען
דעם גלויבען, אז משיח האלט אין באלדיגען קומען.

דאס שטענדיגע גלוסטען, דאס שטענדיגע גארען צו קומען
קיין ארץ־ישראל, האט דעם דאזיגען וואונדער באוויזען. דאס
דאזיגע שטענדיגע גלוסטען, דאס דאזיגע שטענדיגע גארען
צו קומען קיין ארץ־ישראל האט ניט געלאזען דאס פייער
פון דעם גלויבען אין באלדיגען קומען פון משיח אויסצו־
לעשען זיך קיינמאל.

---

יא, אין די חסידישע קרייזען האט מען ניט געדארפט
בעטען אויף גלוסטען און בענקען שטענדיג צו קומען קיין
ארץ־ישראל. די כלות הנפשדיגע בענקשאפט נאך ארץ־
ישראל האט זייער נשמה באהערשט געהאלטען שטענדיג.
דער באגעהר צו קומען קיין ארץ־ישראל איז זייער לעבענס־
לענגליכער טרוים געווען.

און נאָך טיפער, ווי די דאָזיגע בענקשאַפט, האָט אין האַרצען פון די חסידים געלעבט — האָט זי געלעבט אין האַרצען פון זייערע פאַרשטעהער, פון זייערע לעהרער און פיהרער.

שטאַרקער נאָך, ווי עס איז געווען דאָס גאַרען און באַגעהרען פון די אַנהענגער פון חסידות צו קומען קיין ארץ־ישראל, איז געווען דאָס גאַרען און באַגעהרען צו קומען קיין ארץ־ישראל פון די שעפּער פון חסידות. אויב זיי האָבען אירגענד וועלכע ליידענשאַפט געהאַט אין זייער לעבען — איז די דאָזיגע ליידענשאַפט געווען זייער באַגעהר צו קומען קיין ארץ־ישראל. אויב ניט די אַלע גרויסע פאַרשטעהער פון חסידות האָבען זיך געלאָזט פאָהרען קיין ארץ־ישראל, איז אָבער זיכער ביי אַלע דער באַגעהר צו פאָהרען קיין ארץ־ישראל זייער לעבנס טרוים געווען. מיט וואָס פאַר אַ פאַרהערליכונג, מיט וויפיעל טיפער ליעבע זיי האָבען גערעדט אַלע וועגען ארץ־ישראל. וואָס פאַר אַ קדושה זיי האָבען איהר צוגעשריבען. די ווערטער פון מעזעריטשער מגיד, אַז „ציון *) איז דער עיקר פון דער וועלט, דאָס לעבען פון דער גאַנצער וועלט, און דעריבער איז אין איהר אַ טהייל פון אַלע מדינות פאַרהאַן, און יעדע מדינה קומט און נעהמט חיות און ציהט איהר שפע פון דעם חלק, וואָס זי האָט אין ציון" **) — איז ניט נאָך דער העכסטער אויסדרוק שוין פון דער פאַרליבטקייט פון די שעפּער פון חסידות אין ארץ־ישראל.

און דער גרעסטער טהייל פון די שעפּער פון חסידות האָבען געזוכט אויך אין רעאַליזירונג דעם לעבענס־טרוים זייערען צו ברענגען.

---

*) זעה „ספורי מעשיות", „מעשה ממלך וחכם".

**) דער מקור פון דעם דאָזיגען מאמר איז אין זוהר.

דער גרעסטער טהייל פון זיי האבען זיך יא געלאזט קיין ארץ־ישראל. דער גרעסטער טהייל פון זיי האבען די אנגעשטרענגסטע פארזוכען געמאכט, זיי זאלען אין דעם לאנד פון זייער גלוסטונג, פון זייער גארונג קומען. זיי זיי־נען גרייט געווען די גרעסטע קרבנות צו ברענגען פאר דער רעאליזירונג פון דעם דאזיגען חלום זייערען. פיעלע פון זיי האבען מיט דער גרעסטער מסירות נפש, אונטער די שווערסטע אומשטענדען, וואס האבען מיט לעבענס־געפאהר געדראהט. די ווייטע רייזע קיין ארץ־ישראל אונטערגענומען. פיעלע פון זיי האבען זיך אויך קראנקערהייד, שטעהענדיג שוין אין טיעפען עלטער, אין אזא רייזע געלאזט.

.2

יעדען מאל, וואס עס איז פארגעקומען אין אידישען לעבען א גרויסער אויפשוואונג פון טיעפען פאראינטערעסירען זיך אין קבלה, איז דאן אן אינטענסיווע אויסוואנדערונג פארגעקומען פון די גלות־לענדער קיין ארץ־ישראל. מעהר אבער ווי צווישען די אלע איבעריגע טהיילען פון פאלק האבען זיך אין אזא צייט די דאזיגע אויסוואנדערענדע עלע־מענטען צווישען די בעלי הקבלה געפונען. יעדער איינער באדייטענדער בעל מקובל, יעדער בעל השגה גרויסער האט געהאפט צו קומען קיין ארץ־ישראל, גלויבענדיג, אז דארטען וועט ער זוכה זיין נאך מעהר שלימות קונה זיין אין דער חכמת האמת, האפענדיג, אז דארטען וועט ער צו נאך גרע־סערער מדרגה פון משיג זיין די טיעפע סודות פון דער תורה קענען צוקומען. אין אנקלאנג מיט דער אונאויפהער־ליכער אונטערשטרייכונג פון דער גרויסער קדושה פון ארץ־ישראל, מיט וועלכער די קבלה באשעפטיגט זיך שטענדיג, האבען די מקובלים געגלויבט, אז ארץ־ישראל איז א סגולה

צו רוח הקודש. „אוירא דארץ־ישראל מחכים״. די לופט פון ארץ־ישראל איז מסוגל צו ברענגען דעם מענשען צו גרעסערע השגות אין חכמת האמת, אין חכמת הקבלה. דארטען, אין ארץ־ישראל, וואו עס איז אזוי פיעל השראת השכינה, געט־ליכע התגלות אמאליגע צייטען געווען, דארטען, אין דער נאהענטקייט פון די הייליגע קברים פון די גרויסע צדיקים, וועלכע זיינען אין אזוי פיעל סודותפולער אטמאספערע איינגעהילט, וועלען זיי קענען האבען די געהעריגע הכנה, זיי זאלען די טיעפע סודות פון דער געטליכער חכמה קענען משיג זיין. קומען קיין ארץ־ישראל, איינזאפען אין זיך די קדושה, וואס טראגט זיך דארטען אין דער לופט, צו דרערד ווארפען זיך אויף די קברים פון די גרויסע העלדען פון אי־דישען פאלק — דאס אלעס איז געווען דער לעבנס־באגעהר פון יעדען אידישען מקובל.

נאך גלות ספרד — איינצעלנע אויסוואנדערונגס פעלע פון מקובלים זיינען נאך פריהער פארגעקומען, ווי דער פאל פון רמב״ן און נאך אנדערע — האבען אין א משך פון א פאר דורות אלע מאל נייע גרופען — דער גרעסטער טייל פון וועל־כע זיינען גולי ספרד געווען — פון בעלי קבלה גרויסע איינגע־וואנדערט קיין ארץ־ישראל.

אין פארלויף פון א פופציג־זעכציג יאהר האט זיך פאר־מירט דארטען — אממעהרסטען זיינען זיי קאנצענטרירט גע־ווען אין צפת — א קבוץ א גרויסער פון מקובלים, פון וועלכע עס האט זיך השפעה געצויגען איבער אלע אידישע ישובים אין די פארשידענסטע גלות־לענדער.

און אויב נאכדעם האט זיך דער איינוואנדערונגס־שטראם פון די בעלי מקובלים קיין ארץ־ישראל ניט אזוי פריי, ניט אזוי ברייט, ווי פריהער געצויגען, אויב די דאזיגע איינוואנ־דערונג איז דאן ניט אויף אזא גרויסען מאסשטאב, ווי

פריהער פארגעקומען, איז זי אבער דאך ניט אינגאנצען אי־בערגעריסען געווארען, איז זי אבער דאך ניט אפגעשטעלט געווארען אינגאנצען. דאס הארץ פון די בעלי קבלה האט זיך אויך דאן צו מזרח געצויגען. דער באגעהר צו קומען קיין ארץ־ישראל, כדי צו ממשיך זיין אויף זיך די השפעה פון דער דארטיגער קדושה, כדי צו געפינען זיך אין דער נאהענטקייט פון די הייליגע קברים פון די גרויסע צדיקים, האט זיי ניט פארלאזט קיינמאל. צו די פריהעריגע הייליגע קברים נאך איז צוגעקומען א פרישער קבר פון אונגעהויער הייליגקייט — דער קבר פון האר"י ז"ל.

אויך אבער די דאזיגע אפגעשוואכטקייט אין טעמפא פון דער איינוואנדערונג פון די מקובלים קיין ארץ־ישראל האט לאנג ניט אנגעהאלטען. מיט דעם אויפקומען פון דער חסידות באוועגונג אין אידישען לעבען איז דער דאזיגער איינוואנדערונגס־שטראם פארשטארקט און פארגרעסערט גע־ווארען. שוין אין די ערשטע פריהמארגען מאמענטען פון איהר ענטשטעהונג, אין דער תקופה פון לעבען און ווירקען פון די פארלויפער פון חסידיזם, ווי ער האט די פארמירונג זיינע דורך דעם בעל־שם אנגענומען, אין דער תקופה פון לעבען און ווירקען פון רבי יהודה חסיד און רבי משה חיים לוצאטו, האט זיך א גרויסער אויסוואנדערונגס־שטראם פון די גלות־לענדער קיין ארץ־ישראל געצויגען. אין פוילען איז די דאזיגע אויסוואנדערונג ארויסגערופען געווארען דורך דער טעטיגקייט פון רבי יהודה חסיד, וועלכער האט געטהיילט די פארשטעהערשאפט מיט חיים מלאך — א פארבאהאלטענער שבתי צביניק צו יענער צייט, וועלכער האט פריהער, ווי אויך שפעטער, נאך דעם טויט פון רבי יהודה חסיד, אפען דעם גלויבען אין שבתי צבי נעפרעדיגט — איבער דער חברה חסידים, וואס האט זיך דעמאלט ארום זיי קאנצענטרירט.

אין פיבערהאפטער איילעניש האט זיך דעמאלט ארום די יאהרען פון בעל־שם־טובס געבורט, די גאנצע חברה, אונטער דער פיהרערשאפט פון די צוויי אויבענדערמאנטע פארשטע־הער זייערע געלאזט קיין ארץ־ישראל.

און אויב דער באגעהר צו זיין אין הייליגען לאנד, וואס האט געהערשט אין דעם בעש״טער סביבה, האט ניט גע־טראגען אזא פאטאלאגישען כאראקטער, ווי דאס רייסען זיך קיין ארץ־ישראל פון דער אויבענדערמאנטער „חברה חסידים", זיינען זיי אבער אויך דארטען שטענדיג אונטער זיין ווירקונג געשטאנען. אויב נאר ווייניגע פון זיי, ווי רבי גרשון קיטעווער ביים בעל שמס לעבען נאך — רבי נחמן הארארדענקער און רבי מנחם מענדיל פרעמישליאנער — נאך דעם טויט פון בעל שם — האבען די זכיה געהאט אין הייליגען לאנד זיך בא־זעצען: געריסען האבען זיך אבער אהין פיעלע.

עס איז באוואוסט, מיט וואס פאר א מסירות נפש דער בעל שם אליין האט אויף די עלטערע יאהרען, אייניגע יאהר פאר זיין טויט, א רייזע קיין ארץ־ישראל אונטערגענומען. געריסען זיך אהין פאר דעם לעבען נאך פון בעל שם האט אויך דער איבערגעבענסטער, דער געטרייעסטער תלמיד זיי־נער, דער אפאסטאל פון זיינע לעהרען, וועלכער האט מיט אזוי פיעל קראפט, מיט אזוי פיעל פייער געקעמפפט פאר דער נייער שיטה פון רבין זיינעם — דער בעל „התולדות". ער האט שוין געהאט די אלע פארבארייטונגען צו פאהרען גע־מאכט. ווי דער רבי זיינער אבער, דער בעל שם, האט ער אויך ניט זוכה געווען אין ארץ־ישראל צו זיין. אנדערש נאך ווי עס איז געווען דער פאל מיט דעם בעל שם, איז דער פאל־מיט איהם געווען. דער בעל שם האט אנגעהויבען די רייזע. ער האט זי נאר ניט געקענט פארענדיגען: ער איז געצוואונגען געווען צוריק אהיים צו פאהרען, ווען ער איז

שוין נאָהענט פון די טויערען פון ארץ־ישראל געשטאַנען. דער „תולדות" אָבער איז געצוואונגען געווען זיך אָפּצו־זאָגען פון דעם היים־גליהענדען באַגעהר זײַנעם צו באַזעצען זיך אין ארץ־ישראל, נאָך אײדער ער האָט זיך אין וועג געלאָזט.

און דער באַגעהר אין הײליגען לאַנד זיך צו באַזעצען, דאָס רײַסען זיך קײן ארץ־ישראל, וואָס האָט אין דעם בעל־שם׳ס סביבה געהערשט, איז אויך איבערגעגאַנגען צו די תלמידים און תלמידי תלמידים זײַנע.

עטליכע יאָהר נאָך דעם מעזשעריטשער מגידס פּטירה האָט זיך אײנער פון די זקנים שבחבורה, אײנער פון די עלטסטע און אָנגעזעהנסטע תלמידים פון מגיד, דער בעל „פּרי הארץ", רבי מנחם מענדיל וויטעבסקער — וועלכער איז צוויי מאָל אויך בײַם בעל שם געווען — צוזאַמען מיט רבי ישראל פּאָלאָצקער און רבי אברהם קאַליסקער — בײדע פריי־הער פון ווילנער גאונס קרײַז געווען — אַוועקגעלאָזט קײן ארץ־ישראל, וואוהין עס זײַנען מיט זיי מיטגעגאַנגען אַרום אַ דרײַ הונדערט חסידים.

ווען רבי ישראל פּאָלאָצקער האָט, נאָכדעם ווי זיי זײַנען אָנגעקומען קײן ארץ־ישראל באַלד געמוזט פאַרלאָזען דאָס לאַנד, אַלס שליח צו קלײַבען געלד אויף אויסצוהאַלטען דעם נײַעם חסידישען ארץ־ישראל צענטער, האָט ער עס מיט גרויס אַנגסט געטאָן. עס איז איהם אונגעהויער שווער געווען צו פאַרלאָזען ארץ־ישראל, נאָכדעם וואָס עס האָט זיך איהם נאָך* אַזוי פיעל שווערער אַשטרענגונג אײַנגעגעבען צו באַ־זעצען זיך דאָרטען.

ווען מען וואָלט איהם געגעבען — שרײַבט אויף איהם רבי מנחם מענדיל וויטעבסקער — צעהן טויזענד רובעל אַ חודש, ער זאָל פאַרלאָזען ארץ־ישראל, וואָלט ער מיט פאַר־

אכטונג אזא פארשלאג פארווארפען. ער איז אבער געצוואונ־
גען געווען דאס צו טאן.

ער האט עס געמוזט טאן צוליעב די אינטערעסען פון
כלל. ווי מיר האבען שוין פריהער געשריבען, איז די צאהל
פון די מיטפאהרענדע מיט דעם בעל „פרי הארץ" קיין ארץ־
ישראל געווען אריבער דריי הונדערט פערזאן, צווישען וועלכע
עס האבען זיך אויך פרויען און קליינע קינדער געפונען.
אויפן וועג זיינען צו זיי נאך פיעלע אנדערע צוגעשטאנען.
דער גרעסטער טהייל פון די מיטפאהרענדע זיינען גרויסע
ארימע לייט געווען, אזוי, אז דאס גאנצע ביסעל געלד, וואס
איז אין דער אלגעמיינער קאסע געווען, איז גאר גיך ניט גע־
בליבען. מען האט דעריבער געמוזט שיקען באלד נאך זייער
אנקומען קיין ארץ־ישראל א שד"ר אין די גלות־לענדער צו
זאמלען געלד פאר דעם ניי־געגרינדעטען ישוב אין ארץ־
ישראל.

און אויך נאכדעם האט אנגעהאלטען דעם איינוואנדע־
רונגס־שטראם, וועלכער האט זיך פון דער חסידישער וועלט
געצויגען, קיין ארץ־ישראל. דער אונאויפהערליכער איינ־
וואנדערונגס־שטראם פון דער חסידישער וועלט קיין ארץ־
ישראל, האט געבראכט צו דער גרינדונג פון לאנדסמאנ־
שאפטליכע כוללים, וועלכע זיינען געשטאנען אונטער דער
השגחה — זיי זיינען אויך זייערע גרינדער געווען — פון די
צדיקי הדור פון יענער צייט: יעדער כולל באזונדער אונטער
דער השגחה פון דעם צדיק, וואס האט יראת השם מרביץ
געווען אין דער ענטשפרעכענדער געגענד פון די כוללים,
פון וואנען מען פלעגט שיקען געלד־שטיצע צו די ישובים,
וואס זיינען דורך זייערע — די אידישע איינוואוינער פון אט
יענעם געגענט — לאנדס־ברידער געגרינדעט געווארען אין
ארץ־ישראל.

די דאזיגע ארגאניזאציעס זיינען, ווי געזאגט, ארויס־געפאלן נעווארען צום לעבען דורך דער אונאויפהערליכער חסידישער איינוואנדערונג קיין ארץ־ישראל. ווען זיי זיינען שוין אבער אין עקזיסטענץ געוועזען, זיינען זיי ווידער פון א רעזולטאט אויך אין אן אורזאכע פארוואנדעלט געווארען. אויב זיי האבען ניט מיטגעבראכט דערצו, אז אט יענע איינ־וואנדערונג זאל פיעל פארגרעסערט ווערען, האט אויך זי אבער פיעל מיטגעווירקט דערויף, אז זי זאל ניט אפגעשטעלט ווערען, אז זי זאל פארטגעזעצט ווערען, אז זי זאל דאך אויף וויפיעל עס איז אויך פארגרעסערט ווערען.

דער חסידיזם האט פיעל געזיגט אין די ערשטע יאה־רען, ווען דאס שטענדיגע גלוסטען און גארען צו קומען קיין ארץ־ישראל האט זיין נייעם אויסדרוק אנגענומען אין דעם אידישען לעבען, ווען דאס שטענדיגע גלוסטען און גארען האט אנגענומען די פארם פון חיבת ציון און ציוניזם. אויב, זיכער, ניט אלע פארשטעהער זיינע, האט אבער דאך א גרוי־סער טהייל פון זיי באקעמפפט ביטער אט דעם דאזיגען נייעם אויסדרוק פון אונזער אלטער בענקשאפט נאך ארץ־ישראל. דער דאזיגער ביטערער קאמפף האט אנגעהאלטען ביז צו דער גאר לעצטער צייט, כמעט.

דורך אט יענער אבער אויבענדערמאנטער חסידישער אויסוואנדערונג איז די דאזיגע גרויסע זינד למפרע שוין אויסגעקויפט געווארען. אין א משך פון א תקופה א גרוי־סער זיינען זיי די איינציגע געוועזען, וואס דאס גלוסטען און גארען צו קומען קיין ארץ־ישראל האט אזוי שארף און שטארק אין זייער הארץ געלעבט, זיינען זיי די איינציגע געוועזען, וואס דאס גלוסטען און בענקען איז פון זיי דורך מסירות נפשדיגער אנשטרענגונג, דורך דער פרייז פון אומ־באשרייבליכע ליידען — אין טהאטען איבערגעטראגען געווא־

רען. זיי האבען — אין גאר א גרויסער מאס אלענפאלס — מכשיר געווען דעם באדען פאר דעם נייעם אויסדרוק פון דער אלטער בענקעניש אונזערער צו קומען קיין ארץ־ישראל. די נייע איינוואנדערונג איז דורך דער אלטער ערמעגליכט געווארען. ווער ווייסט צו די חיבת ציון־ציוניסטישע באוועגונג וואלט געווען. געקענט גאר אינגאנצען צו עקזיסטענץ קומען, ווען זי וואלט באדארפט זיין א בריאה חדשה גאר אינגאנצען, ווען זי וואלט ניט געווען זיין דאס, וואס זי איז אין אמתן — א פארטזעצונג פון א באוועגונג, וואס האט זיך מיט קאנ־קרעטען, ממשותדיגען אינהאלט מעהר ווי מיט א הונדערט יאהר פריהער נאך אנגעהויבען.

### 3.

און דאס שטענדיגע גלוסטען און גארען צו קומען קיין ארץ־ישראל, וואס האט געהערשט אין דער חסידישער וועלט, דאס שטענדיגע פרעדיגען דארטען, אז דורך דעם געפינען זיך אין ארץ־ישראל קען מען. די גרעסטע מדרגות אין עבודת השם דערגרייכען, קען מען די גרעסטע דערהויבונג דער נשמה ברענגען, דאס אלעס האט דעם גרעסטען אויסדרוק ביי רבי נחמן בראסלאווער געקראגען. די ליעבע און צו־געבונדענקייט צו ארץ־ישראל, וואס האט געהערשט אין דער בעש"טער סביבה און איז איבערגעגאנגען בירושה צו די תלמידים און תלמידי תלמידים זיינע, האט איהר העכסטען תיקון ביי רבי נחמן בראסלאווער געפונען.

די דאזיגע צוגעבונדענקייט צו ארץ־ישראל האט אין די אלע פיבערן פון דער אומרוהיגער, שטענדיג זוכענדער נשמה זיינער אז אינטענסיוו, טיעף לעבען געלעבט. דאס גלוסטען און גארען צו קומען קיין ארץ־ישראל איז זיין טאג־טעגליכער

ליידענשאפטליכער טרוים געווען. דער באגעהר צו זיין אין היילינען לאנד איז אין צענטער פון אלע זיינע באגעהרען געשטאנען. צו זיין אין הייליגען לאנד איז ביי איהם דאס פראבלעם פון פראבלעמען געווען. אין דעם באגעהר זיינעם צו קומען קיין ארץ־ישראל — אין דעם באגעהר איז פאר איהם די פראגע פון זיין אדער ניט זיין געווען; פון זיין, מיין איך צו זאגען, דאס, וואס ער האט געוואלט זיין, דאס וואס ער האט געגלויבט, אז ער קען זיין.

„איך בין געקומען אויף דער וועלט — האט דער בעל שם טוב געזאגט — איך זאל א נייעם דרך אין עבודת השם דער וועלט לערנען".

נאך מעהר שארפער, מיט מעהר באשטענדיגקייט, מיט מעהר אונטערשטרייכונג, האט רבי נחמן בראסלאווער גע־רעדט וועגען דעם, אז ער איז געקומען אויף דער וועלט, ער זאל א נייעם דרך אין עבודת השם ווייזען.

צווישען אלע גרויסע אידישע פערזענליכקייטען געפינט זיך ניט נאך איינער, וואס זאל האבען וועגען זיך אזא הויכע מיינונג, ווי רבי נחמן בראסלאווער האט וועגען זיך געהאט. זיכער אבער געפינט זיך ניט צווישען זיי קיינער, וואס זאל געווען רעדען וועגען זיין גרויסקייט, וועגען זיין וויכטיגקייט, וועגען דער מיסיאן, וואס איז אויף איהם ארויפגעלעגט גע־ווארען פון הימעל, ווי רבי נחמן בראסלאווער האט עס געטאן. פארוואונדערונג, שטוינונג מוזען ביי אונז צייטענווייז ארויס־רופען די גרויסע שבחים, וואס ער זאגט וועגען זיך.

אויך דער פעטער זיינער, רבי ברוכל מעזשביזשער, האט א שעהן ביסעל געהאלטען פון זיך. אוועקמאכען מיט דער האנד פיעלע פון די גרעסטע צדיקים יסודי עולם איז ביי איהם איינע פון די גרינגסטע זאכען געווען. מען מוז איהם

אבער אלס גרויסען עניו באטראכטען; אין פארגלייך מיט רבי נחמן בראסלאווער.

אויב דער מעזשביזשער האט אויף אזוי פיעל געהאלטען פון זיך, אז ער האט געבעטען ביי גאט, ער זאל איהם פאר דעם מושל איבער די אלע צדיקים מאכען, איז דער בראסלא־ווער שוין אויף אזוי ווייט אוועק אין זיין האלטען פון זיך, אז ער האט זיך שוין טאקע אויך אלס דער ווירקליכער מושל איבער זיי באטראכט.

„ולמהוי אנא פקידא בגו צדיקיא“ — האט זיך דער רבי רבי ברוכל איינמאל מיט דעם לשון פון דער זוהר תפלה „בריך שמיה דמארי עלמא“ געוועגדעט צו גאט — רבונו של עולם, וואס איך בעט פון דיר איז, אז דו זאלסט מיר פאר א פקיד מאכען איבער די צדיקים פון דור מיינעם *).

„די אלע צדיקים דארפען צו מיר אנקומען. ווארים אויך זיי בארארפען, מען זאל זיי מחזיר למוטב זיין“.

„אפילו אויף די צדיקי הדור איז מיין הערשאפט פאר־שפרייט. מעהר ניט: דאס קומט באתכסיא פאר“ —

האט פיעל מעהר ווי נאר איין מאל דער בראסלאווער ערקלעהרט.

דער בעל שם טוב — האט ער ווידער געזאגט — און כמה צדיקים האבען געטאן און מתקן געווען אויף דער וועלט דאס, וואס זיי האבען מתקן געווען, און נאכדעם אז זיי זענען

---

*) אן אנדערש מאל האט ער אויך דעם פאלגענדען עניוות־דיגען איבהאלט אריינגעלעגט אין די דאזיגע ווערטער, אנווענ־דענדיג זיי בנוגע זיך: „רבונא של עולם, לאמיר געצעהלט ווערען צווישען די צדיקים. איך מיין ניט צווישען זיי, נאר איך מיין מיט הרב הקדוש ר׳ פנחס מאוסטראה — רבי פנחס קארעצער — און מיט הרב הקדוש מפולנאה“.

נפטר געװארען און נסתלק געװארען, איז די זאך איבערגע־האקט געװארען, היינו, די הארה, װאס זײ האבען מאיר געװען אין זײערע תלמידים, און זײ האבען זײ מחזיר געװען צו השם יתברך איז ניט נמשך געװארען פון דור צו דור, נאר זי איז איבערגעהאקט געװארען. איך װיל דעריבער שאפען א זאך, װאס זאל א קיום לדורות האבען.

דאס, װאס האט זיך „דעם בעל שם טוב און כמה צדיקים” אנדערע גרויסע ניט איינגעגעבען, האט ער גע־גלויבט, װעט זיך איהם איינגעבען.

און שוין פון זײנע יונגסטע יאהרען אן נאך איז דער דא־זיגער גרויסער גלויבען זײנער אין זיך אין איהם איינגעפלאנצט געװען. שוין אין די גאר יונגסטע יאהרען זײנע האט אין איהם דער געדאנק געלעבט, אז ער איז פאר אויפטאן גרוי־סע זאכען באשטימט געװארען; אז ער איז דער איינציגער אין דור, װאס אויף איהם ליעגט די אויפגאבע, דער איינ־ציגער אין דור, װאס איז בכח צו שאפען א זאך, װאס זאל א קיום האבען אויף אייביג. שוין פון זײנע יונגסטע יאהרען אן האט ער זיך אנגעהויבען צוגרייטען דעם נייעם דרך זײ־נעם אין עבודת השם פאר דער אידישער װעלט צו פראקלא־מירען.

װי גרויס עס איז אבער געװען דער גלויבען זײנער אין זיך שוין אויך דאן, װי גרויס עס איז שוין אויך דאן געװען די זיכערקייט זײנע, אז אויף איהם איז עס ארויפגעלעגט געװארען די אויפגאבע, ער זאל א נייעם דרך אין עבודת השם פראקלאמירען, אזוי גרויס איז שוין דאן אויך זיין ליעבע צו ארץ־ישראל געװען, אזוי גרויס איז שוין דאן אויך די פארהערליכונג, װאס ער האט פארמאגט פאר איהר, געװען.

און וואָס ווייטער איז די דאָזיגע ליעבע, די דאָזיגע פאַרהערליכונג אַלץ מעהר גרעסער געוואָרען.

וואָס מעהר עלטער ער איז געוואָרען, וואָס גרעסער עס איז זיין גלויבען אין זיך געוואָרען, וואָס שטאַרקער עס איז זיין באַגעהר געוואָרען, ער זאָל די אידישע וועלט אין דעם נייעם דרך זיינעם פון עבודת השם מחנך זיין, אַלץ מעהר האָט זיך זיין פאַרהערליכונג פון ארץ־ישראל פאַרשטאַרקט, אַלץ מעהר האָט ער אָנגעהויבען באַטראַכטען ארץ־ישראל אַלס דעם קוואַל, פון וועלכער יעדער איד מוז שעפּען די השפּעה פון שלימות פאַר די כחות הנפש זיינע, אַלץ מעהר האָט ער אָנגעהויבען קומען צום גלויבען, אַז ער קען זיך ניט נעהמען פאַר דעם דורכפיהרען פון דער מיסיע זיינער אין לעבען, ביז ער וועט ניט פריהער ממשיך זיין אויף זיך די קדושה פון ארץ־ישראל, ביז ער וועט זיך ניט פריהער אין דעם „אוירא דארץ ישראל" רייניגען.

ווי שטאַרק עס איז זיך ניט צעוואַקסען אין איהם זיין גלויבען אין זיין גרויסקייט, ווי איבערפילט ער האָט זיך ניט געפיהלט פון די מעכטיגע גייסטיגע כחות, וואָס האָבען גע־ברויזט אין איהם, פון די מעכטיגע גייסטיגע כחות זיינע, וואָס האָבען זיך געריסען צו טהאָטען גרויסע, האָט ער דאָך צוזאַמען דערמיט שטענדיג געהאַט דאָס געפיהל, אַז „עס פעהלט איהם נאָך אַלץ עפּעס " *), אַז ער איז נאָך ניט אינגאַנ־צען פאַרטיג, ער זאָל זיך קענען נעהמען פאַר דעם רעאַלי־זירען אין לעבען דאָס אַלעס, וואָס ער האָט געהאַט אויפען געדאַנק זיינעם, אַז ווי גרויס זיי זיינען ניט די מדרגות, צו וועלכע ער האָט שוין דערגרייכט, זיינען זיי דאָך נאָך ניט אינגאַנצען פאַלקאָם.

*) זעה „ספורי מעשיות", „מעשה ברב ובן יחיד".

און וואס ווייטער איז אלץ מעהר קלאהר געווארען פאר איהם, אז נאר דארטען אין ארץ־ישראל וועט ער קענען אפ־זוכען אט דאס, וואס עס פעהלט איהם נאך, אז נאר דארטען וועט ער קענען זוכה זיין צו די השגות, צו וועלכע ער האט נאך ביז איצט ניט זוכה געווען, אז נאר דארטען וועט ער קריגען די שלימות, צו וועלכער ער גארט, די לעצטע הכנה, וואס וועט איהם מסוגל מאכען, אלס דעם מנהיג הדור זיך צו פראקלאמירען.

זיין באגעהר צו קומען קיין ארץ־ישראל איז, ווירקליך, געגאנגען האנד אין האנד פאר איהם מיט דעם פראבלעם פון זיין אט דאס, וואס ער האט געגלויבט, אז ער באדארף זיין, אט דאס, וואס ער האט געוואלט זיין.

און דעריבער — דערפאר וואס ער האט געזעהן אין זיין געפינען זיך אין ארץ־ישראל די איינציגע מעגליכקייט, ער זאל קענען פארווירקליכען די לעבענס־מיסיאן זיינע — האט זיין גלוסטען און גארען צו קומען קיין ארץ־ישראל אזוינע שארפע פארמען אנגענומען, איז אין דעם דאזיגען גארען זיינעם צו קומען קיין ארץ־ישראל אזוי פיעל ליידענשאפט־ליכקייט געווען, האט ער אין איהם אזוי פיעל נשמה, אזוי פיעל הארץ פארקערפערט.

זיין באגעהר צו קומען קיין ארץ־ישראל איז זיין „אי־דעע פיקס" געווארען, זיין „אידעע פיקס", פון וועלכער ער האט זיך ניט געוואלט באפרייען, פון וועלכער ער האט זיך אויך ניט געקענט באפרייען קיינמאל.

דער דאזיגער באגעהר זיינער איז דער צענטראלסטער לעבענס־אידעאל זיינער געווען, פאר וועלכען ער איז גרייט געווען די גרעסטע קרבנות ברענגען. ער איז גרייט געווען א קאמפף אונטערצונעהמען געגען די גרעסטע שטערונגען. ער איז גרייט געווען צוליעב דער דערגרייכונג פון דער פאר־

ווירקליכונג פון דאזיגען באגעהר גרויסע אכזריות ניט נאר צו זיך אליין, נאר אויך צו זיין פאמיליע ארויסווייזען.

„ער האט ממש זיין לעבען מפקיר געווען — שרייבט רבי נתן אין דער הקדמה זיינער צום ספר לקוטי מהר"ן — ווען ער האט אונטערגענומען זיין נסיעה קיין ארץ־ישראל — ער איז געפאהרען אהין אין שעת מלחמה. ווארים עס זיינען געווען שטארקע מלחמות *) שווערע דעמאלט אין יענע מדינות. און וואס פאר א נסיונות ער האט דאס געהאט אויסצושטעהן דורך דעם גאנצען וועג. ווארים עס האבען איהם ארומגערינגעלט דעמאלט אין יענע טעג כמה מינים צרות און סכנות גרויסע און שווערע".

און רבי נחמן בראסלאווער אליין האט וועגען דעם פאל־גענדעס געזאגט: „אין יעדען טריט וואס איך האב געמאכט אויף פאהרען קיין ארץ־ישראל האב איך געהאט מסירות נפש".

ווען זיין פרוי איז געוואהר געווארען — ווערט דערצעהלט אין ספור המעשה וועגען דער נסיעה זיינער קיין ארץ־ישראל — אז ער האט באשלאסען צו פאהרען קיין ארץ־ישראל, האט זי געשיקט די טאכטער איהם פרעגען, ווי אזוי וועט ער זיי איבערלאזען, ווער וועט זיי מפרנס זיין.

האט ער איהר געענטפערט: דו וועסט אוועקפאהרען צו דיין מחותן, דיין עלטערע שוועסטער וועט ווערען א דינסט, דיין קלענערע שוועסטער וועט איינער צונעהמען צו זיך פאר רחמנות. דיין מוטער וועט ווערען א קעכין. אלצדינג וואס איך האב אין שטוב, וועל איך פארקויפען אויף הוצאות פון דער נסיעה.

*) די נאפאלעאנישע מלחמות.

און אז די בני בית — װערט װײטער דערצעהלט דאָר־טען — האָבען דאָס דערהערט, האָבען זײ כמה טעג זעהר שטאַרק געװײנט.

ער האָט אָבער אױף זײ גאָר קײן רחמנות ניט געהאַט, ער האָט געזאָגט, אז עס קען אַנדערש ניט זײן. איך מוז פאָהרען, װאָרים די גרעסטע העלפט מײנע איז שױן דאָרט. און דער מיעוט געהט נאָך דעם רוב נאָך. ער האָט געזאָגט: איך װײס די גרױסע מניעות, װאָס איך װעל האָבען אױף דער נסיעה, נאָר כל זמן עס װעט נאָך זײן אין מיר אַ לעבעדיגער אָטעם װעל איך מיך מוסר נפש זײן און פאָהרען קײן ארץ־ישראל. און זאָל גאָט טאָן, װאָס ער װיל.

„כל זמן עס װעט נאָך זײן אַ לעבעדיגער אָטעם אין מיר". אָט אַזױ רעדט מען נאָר װעגען זאַכען, בנוגע װעלכע מען פיהלט, אז מען קען אָהן זײ ניט לעבען.

און צוזעהענדיג, װי רבי נחמן בראַסלאַװער איז גרײט געװען זײן פאַמיליע אין גרעסטען קלעם צו שטעלען, אַבי ער זאָל קענען דורכפיהרען זײן באַגעהר אין ארץ־ישראל צו זײן, מוז מען װירקליך צום געדאַנק קומען, אז דאָס פאָהרען זײנס קײן ארץ־ישראל איז פאַר איהם אַ לעבענס־פראַגע געװען, אז ער װאָלט, ממש, לעבען ניט געקענט, װען ער זאָל געװען געצװאונגען זײן זיך אָפּצוזאָגען פון זײן ארץ־ישראל נסיעה.

װאָרים שטאַרק איז געװען די ליעבע, די צוגעבונדענקײט פון רבי נחמן בראַסלאַװער צו די אַלע מיטגלידער פון דער פאַמיליע זײנער. אַלעס, װאָס עס איז פאָרגעקומען אין פאַמיליען קרײז זײנעם האָט אױף זײן טיעף פיהלענדער, טיעף דורכלעבענדער יעדע זאַך נשמה אַ שטאַרקע װירקונג געהאַט. יעדע טרױעריגע פּאַסירונג אין קרײז פון זײן פאַ־מיליע האָט איהם צובראָכען אינגאַנצען. דער צער פון יע־דען אײנציגען מיטגליעד פון זײן פאַמיליע איז ביז צו די

טיעפסטע טיעפענישען פון זיין נשמה אויך זיין אייגענער צער געווען.

דער טויט פון זיין פרוי האט אויך זיין אייגענעם טויט דערנעהנטערט. דער קלאפ איז פאר איהם צו שטארק געווען, ער זאל איהם געווען קענען איבערטראגען. דער צער וואס ער האט געהאט פון זיין פרוים טויט האט פיעל גורם געווען צו זיין פריהצייטיגען טויט.

און וואס פאר א היים־ליבענדער פאטער ער איז געווען, וואס פאר א גרויסען צער, וואס פאר א שארפען וועהטאג ער האט דורכגעלעבט דורך דעם צער פון יעדען איינציגען — ניט נאר פון זיינע קינדער, נאר אויך פון זיינע קינדס־קינדער — זעהען מיר פון די ריהרענדע, מיט אזוי פיעל טרויעריגער שטימונג אנגעוועהטע זכרונות פון רבי נתן וועגען דעם, ווי אזוי די מעשה פון דעם דריטען און פערטען טאג פון דער מעשה מהז׳ בעטלערס איז געשאפען געווארען.

דעמאלט — שרייבט ער — אין יענער צייט, אין דער נאכט פון שבת קודש — איז נכדו הילד געלעגען קראנק אין בעט, און ער האט דערפון גרויס צער געהאט. ווארים די קראנקהייט פון קינד איז געפאלען אויף איהם זעהר שווער. איז ער אריינגעקומען פרייטאג צו נאכטס און האט זיך אוועקגעזעצט צום טיש אין צער און האט זיך גאר ניט געזאמט ביי דער דאזיגער סעודה. און תיכף האבען מיר געבענטשט ברכת המזון, איידער דער עולם האט אנגעהויבען אריינקומען צו איהם, ווי זייער שטייגער איז שטענדיג. נאך דעם בענטשען איז ער איבערגעבליבען זיצען אויף זיין הייליגען טיש און האט אויפגעעפענט זיין הייליג ריין מויל און געפיהרט דעמאלט א וואונדערליכען און פירכטליכען געשפרעך, וואס עס איז אין איהם געווען הייליגע תורה, ווי דער שטייגער זיינער איז שטענדיג געווען אין די מעהרסטע פון זיינע

געשפּרעכען. און דער גאַנצער געשפּרעך האָט געהאַט א שײכות צום גרויסען צער זײנעם, וואָס ער האָט געהאַט. עס דאַכט זיך מיר, אז ער האָט גערעדט דעמאָלט וועגען דעם ענין פון הארצען, וואָס מען רודפט עס. נאָכדעם אין מיטען דעם דאָזיגען געשפּרעך האָט ער זיך אָנגערופען און געזאָגט: „ווי האַלטען מיר אין דער מעשה?“ זענען מיר נבהל גע־ווארען תיכף, און איך האָב איהם געענטפערט בבהלה, באימה וביראה, אז מיר האַלטען בײם דריטען טאָג, און באַלד האָט ער אָנגעהויבען און האָט דערצעהלט די גאַנצע מעשה פון פערטען טאָג. און באַלד, ווי ער האָט זי געענדיגט, איז ער אויף גיך אוועקגעגאַנגען פון טיש.

---

אַט אויף אַזוי פיעל איז בײ רבי נחמן בראַסלאַווער דער באַגעהר צו זײן אין ארץ־ישראל אין דעם גאַנצען אי־נערלאַכען וועזען זײנעם אײנגעוועבט געווען, אַט אויף אַזוי פיעל האָט ער אין דער באַפרידיגונג פון דעם דאָזיגען באַ־געהר דעם גאַנצען זין פון זײן לעבען געזעהן, דעם פאַרבאַ־דינג פאַר זײן קענען דורכפיהרען די אויפגאַבען, וואָס ער האָט זיך אין זײן לעבען געשטעלט, דעם אומבאַדינגטען מי־טעל, דורך וועלכען ער וואָלט געקענט צו די מדרגות, צו וועלכע ער האָט געוואָלט צוקומען, דערגרײכען, די ענדגיל־טיגע שלימות פאַר זיך צו ערווערבען.

און ווי ער אַלײן האָט אונז פאַרזיכערט, איז ער דאָרט ווירקליך צו די גרעסטע מדרגות צוגעקומען, האָט די שלימות זײנע דאָרטען איהר פולע פאַרענדיגונג געקראָגען, האָט ער זיך ווירקליך, צו אַט יענער גרויסקײט דאָרט דערהויבען, אין וועלכער ער האָט זיך זעהן געוואָלט.

נאָכדעם, וואָס ער איז געקומען צוריק פון ארץ־ישראל, האָט דער גרויסער גלויבען זײנער אין זיך נאָך גרעסערע

לייכט־שוועבענדע פליגלען געקראגען. די שבחים, וואס ער האט זיך געגעבען איידער ער איז געפאהרען קיין ארץ־ישראל, שיינען שוין גאר קיין שבחים ניט צו זיין אין פאר־גלייך מיט די שבחים, וואס ער האט געהאט וועגען זיך צו זאגען נאכדעם, וואס ער איז פון זיין ארץ־ישראל רייזע גע־קומען. די ביטול באציהונג, וואס ער האט ארויסגעוויזען צו פיעלע פון די צדיקי הדור, איז וועלכען ער האט געלעבט, איידער ער איז ער קיין ארץ־ישראל געפאהרען, באדארף אלס באציהונג פון העכסטען יראת־הכבוד באטראכט ווערען אין פארגלייך מיט דער ביטול־באציהונג, וואס ער האט צו זיי ארויסגעוויזען נאכדעם, וואס ער איז פון זיין ארץ־ישראל רייזע געקומען.

ער האט, ווירקליך, געגלויבט — און צוזאמען מיט איהם האבען אויך זיינע אנהענגער געגלויבט — אז ער האט דארטען די גרעסטע השגות משיג געווען, אז ער איז דארטען צו דער העכסטער מדרגה צוגעקומען.

און דעריבער האט ער צוריקקעהרענדיג זיך פון ארץ־ישראל נאך מיט מעהר באגייסטערונג, נאך מיט מעהר פאר־הערליכונג וועגען ארץ־ישראל גערעדט.

אלע וואס ער האט געוואוסט — האט ער געזאגט — פאר ארץ־ישראל איז ממש ווי גאר ניט.

„דאס גאנצע חיות מיינס איז נאר דורך דעם, וואס איך בין געווען אין ארץ־ישראל, די אלע מחשבות און די אלע געדאנקען מיינע זענען פון דעם כח. ווארים דער עיקר חכמה און דער עיקר מח איז נאר אין ארץ־ישראל“.

„דער וואס וויל באמת א איד זיין, זאל ער פאהרען קיין ארץ־ישראל, און אז ער האט פיעלע מניעות דערויף, זאל ער צוברעכען די אלע מניעות און זאל געהן אהין“.

און נאך מעהר. אויך נאכדעם וואס ער האט זיך אומ־געקעהרט פון ארץ־ישראל, האט ער זיך געפיהלט ווי ער וואלט אליץ געלעבט אין ארץ־ישראל. „מיין ארט — האט ער געזאגט — איז נאר ארץ־ישראל“. „טאמער פאהר איך ער־געץ, פאהר איך עס נאר אין ארץ־ישראל“.

ווי פיעלע אנדערע נשמה־נייגונגען, ווי פיעלע אנדערע אינדיווידועלע אייגענשאפטען, וואס זיינען צו רבי נחמן בראסלאווער בירושה פון בעל שם איבערגעגאנגען, האבען ביי איהם אין זייערע ווייטערער ענטוויקלונג, א העכערע פארם — איך מיין צו זאגען, אן אינטענסיווערע, א מעהר שארפע, מעהר טיעפע, ווי אויך אפטמאל א מעהר עקסצענט־רישע — פארם אנגענומען. אזוי האט אויך די פון בעל שם גע־ירשענטע באציהונג זיינע צו ארץ־ישראל שארפע, עקסצענט־רישע פארמען אנגענומען.

.4

די דאזיגע עקסצענטרישקייט זעהען מיר אויך אין דער מאדנעקייט פון זיינע פיהרונגען אין דער צייט פון דער רייזע זיינער אויף דער שיף און אין איניגע מאמענטען פון זיין געפינען זיך שוין אויף דעם באדען פון ארץ־ישראל — וואס ווערען איהם אין ספור־המעשה וועגען זיין רייזע קיין ארץ־ישראל צוגעשריבען. עס רעדט זיך אין דער דאזיגער רייזע־באשרייבונג וועגען פארשידענע מעשי „קטנות“, וועגען פארשידענע קינדערשע שטיק, וועלכע רבי נחמן זאל האבען געווען געפראוועט אפטמאל פאר יענער גאנצער צייט.

ער איז אין סטאמבול ארומגעגאנגען בארוועס אין גאס — ווערט דארט דערצעהלט — און נאר אין דער יארמולקע. ער האט זיך איינמאל אויך ארויסגעלאזט אין גאס אנגעטאן אין

דעם אונטערשלאַק פון אַ בגד, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך. ער איז אויך „אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן, ווי קליינע קינדער לויפן איבער זיי אַרום און געשפּילט זיך אין מלחמה". „אַט איז דער פראַנצויז" — האָט ער געזאָגט — און אַט איז דער שונא זיינער. און אַט מאַכן זיי אַ מלחמה".

מעגליך, אַז אונטער דעם דרוק פון דעם אַלעם, וואָס ער האָט דורכגעלעבט, וואָס איז אַזוי ווייט, פרעמד געווען פון די אַלע ערפאַהרונגען, וואָס ער האָט ביז יעצט געהאַט, אין זיין שטילן, רוהיגן, קליינשטעדטעלדיגן לעבן איז אַ געוויסע צושרויפּטקייט אין זיין נשמה אריינגעטראָגן געוואָרען, אַ געוויסע נשמה צושרויפטקייט, וועלכע האָט באַדאַרפט פאַר זיך אויסדרוק געפינען: האָט איהם דער אונטערבאַוואוסטזיין זיינער דיקטירט, ער זאָל איהר דורך אַט יענע מאָדנע פּיהרונגען אויסדרוק געבען, כדי זי זאָל זיך ניט דורכברעכען צו התגלות אויף אַ פיעל מעהר געפעהרליכען וועג.

עס איז באַוואוסט, אַז אין אַ מאָמענט פון גרויסער אויפגערעגטער פאַרלעגענהייט, וואָס קומט פון שרעק אָדער פון אַ געפיהל פון פאַרשעהמטקייט, פון אַ געפיהל פון חרטה, אין אַ מאָמענט פון אומרוהיגער ערוואַרטונג פון עפּעס, פון אונגעריכטער, אָדער, געשפּאַנט ערוואַרטעטער, שטאַרק באַגעהרטער דערגרייכונג, קענען מיר פלוצלונג — ווי דורך אַ נעבעל נאָר איז דאָס דאָן פאַר אונז אַליין באַמערקבאַר — אין עפּעס אַן אונזיניגער פאָזע זיך שטעלען דורך מאַכען עפּעס אַ מאָדנע העויה, אַ מאָדנעם זשעסט, אַ מאָדנע באַוועגונג. מאַנכעס מאָל ווערען מיר אין אַזעלכע מאָמענטען אויך געבראַכט דערצו, מיר זאָלען אַליין פיזיש אָדער גייסטיג זיך באַליידיגען דאָן, דורך אַ קלאַפּ טאָן זיך אָדער דורך שלייערען זיך אַליין אַ שטאַרקען צאָרן־וואָרט אין פּנים.

דאָס אַלעס קומט פאָר, ווי מיר האָבען דערויף פריהער מרמז געווען.

מיט אונזער אייגענעם פרייען ווילען אונטערוואַרפען מיר זיך אַ געוויסע פאָרם פון אונגאָרמאַלקייט, כדי אויסצומיידען אַ מעהר שווערע פאָרם, וואָס דאַרף קומען אַלס רעזולטאַט פון אונזער נשמה צורודערטקייט, פון די אויפטרייסלענדע אין אונז איבערלעבונגען.

דאָס ווערט געטאָן אין אונטערבאַוואוסטזיין אונזערען דורך די אין אונז טיעף לעבענדע אינסטינקטען, וואָס שטעהען אויף דער וואַך שטענדיג צו פאַרהיטען אונז פון קאַטאַסטראָפאַלען צוזאַמענברוך אין די מאָמענטען פון געפעהרליכע פאַר אונז איבערלעבונגען. זיי שטעהען אויף דער וואַך שטענדיג ניט צוצולאָזען די נשמה־צושרויפטקייט אונזערע זאָל צוקומען צו איהר העכסטער פאַרשפּיצטקייט, צו איהר גרעסטער פאַרשאַרפטקייט. געפינענדיג פאַר איהר באַצייטענס מילדען אויסדרוק, שניידען זי זיי אָפּ פון די וועגען, וואָס קענען זי פיהרען צו דעם אַלעם.

אויך די מאָדנעקייטען, די ווילדע משונהדיגקייטען אין די פיהרונגען, מאַנכעס מאָל פון קינסטלערישע נאַטורען, פון שעפּפערישע פּערזענליכקייטען — אויך זיי ערקלעהרען זיך אויף דעם זעלבען אופן.

דער איד־באתכסיא זייערער — פון די דאָזיגע שעפּפערישע פּערזענליכקייטען — זוכט אויסדרוק פאַר דער נשמה צעשרויפטקייט, וואָס קומט פאַר ביי זיי פון עמאָציאָנעלער איבערגעשפּאַנטקייט, פון עמאָציאָנעלער אָנגעשטרענגטקייט, איבער אַ וועג פון ווייניגער געפעהרליכקייט. אונטערטראַגענדיג איהר גרייטע אויסדרוקס פאָרם, זוכט ער אויסצומיידען אַט יענע געפעהרליכע פאָרם פון אויסדרוק, צו וועלכע זי וואָלט מוזען צוקומען, ווען זי וואָלט דעם דאָזיגען אויסדרוק געמוזט אַליין אויפזוכען.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַלעם וואָס איז דאַ ביז

איצט געזאָגט געוואָרען, איז זעהר אינטערעסאַנט די באַ־מערקונג, וואָס רבי נחמן בראַסלאַווער האָט אַליין געמאַכט וועגען די קטנות הנהגות זיינע. ווען ניט די קטנות זיינע — האָט ער געזאָגט — וואָלט ער ניט געווען איבערלעבען די אַלע צרות, וואָלט ער געווען געשטאָרבען.

ביי אַלעם דעם אָבער איז אויך דאָס אמת, אַז אויך דורך אינערליכע מאָטיווען פון אַ גאָר אַנדערען כאַראַקטער זיינען אַט די אַלע פּיהרונגען דיקטירט געוואָרען.

זייענדיג איבערוועלטיגט פון דער גרויסער פרייד, וואָס ער האָט געפיהלט אין זיך מחמת דעם, וואָס ער פאָהרט קיין ארץ־ישראל, האָט זיין עקסצענטריש־קינסטלערישע נאַטור געזוכט אין אויסטערלישע פאָרמען צו התגלות זי ברענגען. זייענדיג באַהערשט פון דעם אינהאַלט פון דעם גרויסען מאָ־מענט, וואָס ער האָט דאַן איבערגעלעבט, האָט ער ווי געפיהלט אַ נויטווענדיגקייט צו אויסטיילען איהם צו באַמערקבאַרקייט פאַר זיך אַליין דורך עפעקטפולע אויסערליכקייטען. אין די טעג פון גרויסען יום טוב זיינעם, אין וועלכען עס איז פאַר־געקומען די רעאַליזירונג פון דעם גרעסטען נשמה־באַגעהר זיינעם, האָט איהם אַ זאַרגלאָזע קינדערשע פרייד אַרומגע־נומען, אַ זאַרגלאָזע קינדערשע פרייד, וואָס שפרינגט ווילד, אונגעצוימט איבער די גאַסען אַרום.

ווי עס האָבען זיך פאַרשידענע שטימונגען אָפּגעשפּי־געלט, פאַרשידענע מאָטיווען געווירקט אין פיעלע פון די האַנדלונגען פון רבי נחמן בראַסלאַווער אין די פאַרשידענע פעריאָדען פון זיין לעבען, אַזוי אויך האָט זיך אין די האַנד־לונגען זיינע פון אַט יענער צייט, וועגען וועלכע מיר האָבען ביז יעצט גערעדט, פאַרשידענאַרטיגקייט פון מאָטיווען, פאַר־שידענאַרטיגקייט פון שטימונגען, פאַרשידענאַרטיגקייט פון אינאַהלט קאָמבינירט.

און אַט אַזוי באַדאַרפֿען צוגעגעבען ווערען אויך צו אַט יענע אינערליכע מאָטיוועז, וועגען וועלכע מיר האָבען ביז איצט גערעדט, נאָך אַנדערע אינערליכע מאָטיוועז, וואָס שיידען זיך אין זייער כאַראַקטער אָפּ פון די ערשטע.

צוזאַמען מיט דעם וואָס די דאָזיגע קטנות אויפפיהרונ־גען האָבען אין זיך אַן אינהאַלט פון פרייד פאַרמאַגט, האָ־בען זיי אויך אין זיך אַן אינהאַלט פון צו נסיון זיך שטעלען, פון לייטערונג פאַר זיך געפינען, פאַרמאַגט. צוזאַמען דער־מיט, וואָס זיי זיינען געווען אַ רעזולטאַט פון אַ טיעף־דורכ־געלעבטען פריידיג געפיהל, וואָס האָט פאַר זיך ברויזענדען, אויסטערלישען אויסדרוק געזוכט, זיינען זיי פאַר איהם — פאַר רבי נחמן — געווען אַ מיטעל, דורך וועלכען ער האָט גע־וואָלט קליין, נישטיג, שפּלדיג אין די אייגענע אויגען אויס־זעהן.

איידער מען קומט פון איין מדרגה אין דער אַנדערער — ווערט ערקלעהרט אין שבחי הר"ן דער ענין פון די מעשי קטנות, וואָס דער בראַסלאַווער האָט אויף זיין רייזע גע־פראַוועט — מוז מען האָבען פריהער אַ ירידה פאַר דער עליה.

דורך די דאָזיגע אַלע אויבענדערמאָנטע מעשה קטנות האָט ער אַזוי אַרום געוואָלט אין ירידה, אין שפלות זיך ברענגען פאַר דער גרויסער עליה, צו וועלכער ער איז גע־גאַנגען. ער האָט געוואָלט דורך די דאָזיגע אַלע מעשי קטנות צום מצב פון אַ מענשען וואָס איז גאָר אין גאַנצען אָהן מדרגות, צום מצב פון אַ קינד, זיך צוברענגען.

באַהויפּטענדיג שטענדיג, אַז די גרויסע השגות קען דער מענש דערגרייכען נאָר דורך גרויסע שוועריגקייטען, דורך גרויסע נסיונות, דורך קרבנות שווערע, האָט ער — רבי נחמן בראַסלאַווער — געגלויבט, אַז אויך ער וועט נאָר איבער דעם וועג פון שווערען קאַמף, פון נסיונות פיעלע, צו דעם

גרויסען גליק קענען זוכה זיין, צו דעם גרויסען גליק פון זיין אין ארץ־ישראל, צו דעם גרויסען גליק פון קומען דארטען צו די גרויסע מדרגות, צו וועלכע ער האט געגארט צו קומען.

ער האט געזוכט דעריבער אויף פארשידענע אופנים לייטערונג פאר זיך, ער האט געזוכט דעריבער צו וואס מעהר שווערער נסיונות זיך צו ברענגען. מקבל זייענדיג באהבה די יסורים, וואס דאס לאזען זיך זיינס קיין ארץ־ישראל האט איהם גורם געווען, וואס ער איז אפגעריסען געווארען פון דער פאמיליע זיינער, וואס ער האט די בני בית זיינע, ווי אויף הפקר געלאזט, מקבל זייענדיג באהבה די יסורים, וואס ער האט אויך פאהרענדיג אויפן שיף גע־האט אויסצושטעהן, פיהלענדיג זיך געלייטערט דורך דעם אלעם, האט ער זיין לייטערונג געזוכט אויך דורך נסיונות, וואס ער אליין זאל דער גאנצער גורם זייערער זיין, דורך נסיונות פון אליין אין א מצב פון שפלותדיגקייט זיך שטעלען, פון אליין גורם זיין זיך ערנידעריגונג, באליידיגונג.

און דאס איז אויך געווען דער זין פון דער התנהגות זיינער מיט די צוויי מענשען, וואס ער האט באגעגענט אין סטאמבול אויף זיין וועג קיין ארץ־ישראל. ער האט זיך געשטעלט דורך איהר צום שווערען נסיון פון ליידען בזיונות גרויסע, באליידיגונגען. דורך דעם חרפת פנים וואס ער האט פון יענע צוויי מענשען געהאט, דורך די בזיונות, וואס זיי האבען איהם מבזה געווען, האט ער געוואלט זיין לייטערונג געפינען, דורך וועלכער ער זאל קענען צו דער גרויסער דער־הויבונג זיינער געפיהרט ווערען.

די בזיונות מיט דער „קליינשאפט" — האט רבי נחמן בראסלאווער אליין געזאגט — האבען איהם פיעל געהאלפען.

זיי זיינען דער פרייז געווען, וואס ער האט באדארפט באצאהלען, ווי ער האט געגלויבט, פאר דער גרויסער זכיה, צו

וועלכער ער האָט זוכה געווען, דער קרבן, וואָס ער האָט באַדאַרפט ברענגען פאַר דעם גרויסען גליק, וואָס איז צו איהם געקומען.

„מחמת ארץ־ישראל איז אַ גרויסע זאַך. מען מוז זיך אַראָפּלאָזען, מען מוז זיך מבזה זיין איידער מען קומט קיין ארץ־ישראל".

---

אזוי צו אזוי, די באַשרייבונגען פון רבי נחמן בראַסלאַווערס נסיעה קיין ארץ־ישראל ליפערן אונז אינטערעסאַנטען מאַטעריאַל פאַר דעם שטודיום פון דער פּאַרוויקעלטער, שטענדיג אונרוהיגער, שטענדיג זוכענדער, מיט פּאַנאָראַמישע שטימונגען שטענדיג פולער־נשמה זיינער. מיר זעהען אין איהר, אין וואָס פאַר אַן עקסצענטרישע פאָרמען זיין עמאַציאָנעלע איבערגעשפּאַנטקייט, זיינע קאָמפּליצירטע שטימונגען, זיינע אַרטיסטישע זאָנדערליכקייטען האָבען אָפּטמאָל אָנגענומען.

---

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם היסטאָרישען ווערט פון דער דאָזיגער באַשרייבונג — טהייל איך כלל ניט דער מיינונג פון אַט יענע אַלע, וואָס רעדען אין צוזאַמענהאַנג מיט איהר וועגען די נסים ונפלאות, וועגען די לעגענדען, וואָס די חסידישע פאַנטאַזיע האָט אָנגעהאַנגען אין דער נסיעה פון רבי נחמן בראַסלאַוועד קיין ארץ־ישראל. עס זיינען קיינע אורזאַכען ניטאָ פאַר פאַרוואַרפען די דאָזיגע באַשרייבונג אַלס היסטאָרישען דאָקומענט. אין דעם גרעסטען, גרעסטען טהייל איהרען קען זי אין די אַלע פאַרשידענסטע דעטאַלען זאָגאַר, וואָס קומען דאָרטען, אַלס אַזעלכער אָנגענומען ווערען. עס זענען אין דעם גאַנצען ספור המעשה כלל ניט פאַרהאַן אַזוינע

אוננאטירליכקייטען, אזוינע גוזמאות, וואס זאלען מוזען ערקלעהרט ווערען אלס לעגענדע, אלס פאנטאזיע. די אלע זאכען, וואס ווערען אין דער דאזיגער באשרייבונג דער־צעהלט, זענען אלץ אזוינע זאכען, וואס האבען געקענט פארקומען. ווען עס ווערט דארטען דעריבער דערצעהלט, אז זיי זיינען פארגעקומען, זענען זיי ווארשיינליך טאקע ווירקליך פארגעקומען.

וואס אנבאלאנגט ווידער פיעלע פון זיי — האבען מיר א באשטעטיגונג פון אנדערע קוועלען פאר זייער געשעהענקייט. אויסער א פאר קליינע אויסנאהמען, וואו עס איז קלאהר, אז מיר האבען דא צו טאן מיט לעגענדע, מיט פאנטאסטי־שער שעפפערישקייט קען מען ווירקליך די גאנצע באשריי־בונג וועגען רבי נחמן בראסלאווערס נסיעה קיין ארץ־ישראל אלס היסטארישען דאקומענט באטראכטען. אפילו אזא פאנטאסטישע געשיכטע, ווי די מעשה מיט דעם ישמעאל, וואס געפינט זיך דארטען — אפילו אט די מעשה איז ניט בלויז פאנטאזיע. אין די הויפט טיילען איהרע, שיינט מיר, איז זי געשיכטע. לײדער קען איך אבער — דערווייל אלענ־פאלס — אפען ניט רעדען וועגען דעם. באריכות אודאי ניט. בדרך רמז נאר וועל איך זאגען, אז זי שטעהט אין צוזאמענ־האנג מיט דעם, וואס עס ווערט דערצעהלט וועגען די מיס־טעריעזע רייזען פון רבי נחמן בראסלאווער קיין קאמענעץ פאדאלסק פאר זיין אפפאהרען קיין ארץ־ישראל און קיין לעמבערג און אין נאך אנדערע מקומות.

ער האט געהאט — ווערט געזאגט אין דעם ספור המעשה וועגען דעם בראסלאווערס רייזע קיין ארץ־ישראל, דארטען וואו עס ווערט דערצעהלט די געשיכטע מיט דעם ישמעאל — מעהר יסורים פון דעם ישמעאלס ליעבשאפט, ווי פון זיין פיינדשאפט און כעס.

און דאכט זיך — ווערט דארטען ווייטער געזאגט — אז מען האט געהערט פון דעם רבין, אז דער ישמעאל איז געווען דער סמ"ך מ"ם אליין.

אודאי איז ער דער סמ"ך מ"ם אליין געווען.

אודאי האט ער זיין שליחות געטאן.

און אודאי האט דער גרויסער צדיק מעהר יסורים באַדארפט האבען פון זיין ליעבשאפט, ווי פון זיין פיינדשאפט.

## א.

# אויפן וועג קיין ארץ־ישראל

פאַר זיין נסיעה קיין ארץ־ישראל פאָהרט רבי נחמן בראַסלאַווער קיין מעזשביזש אויפן קבר פון זיין זיידען הבעש״ט הקדוש ז״ל. — דער בעל שם הייסט איהם פאָהרען פריהער קיין קאַמענעץ. — אין קאַמענעץ איז ער אַרומגעגאַנגען מיט זיין מענשען אין פיעלע הייזער. — ער הייסט זיך געבען דאָרטען אַביסעל בראַנפען. — פון זיין נסיעה קיין קאַמעניץ ווערט נצמח אַ ישועה פאַר דער קאַמעניצער אידישער באַפעלקערונג. — די וועלט זאָגט, אַז ער איז געפאָהרען זוכען די כתבים, וואָס דער בעל שם האָט באַהאַלטען דאָרטען אין אַ שטיין. — דער סוד פאַר וואָס ארץ־ישראל איז פריהער געווען ביי כנען איידער זי איז געגעבען גע־וואָרען צו די אידען. — ערב פסח פון יאָהר תקנ״ה איז ער מודיע זיינע מענשען, אַז אין דעם יאָהר נאָך פאָהרט ער קיין ארץ־ישראל. — ווען זיינע בני בית האָבען זיך דערוואוסט דערפון האָ־בען זיי כמה טעג ביטער געוויינט. — ער האָט אָבער געזאָגט: ער מוז תיכף פאָהרען. — דער צדיק רעדט אָפּ מיט איינעם פון זיינע מענשען, ער זאָל מיט איהם מיטפאָהרען. — סוף חודש אייר פאָהרען זיי אויף אַ שיף דורך אדעס קיין סטאַמבול. — דער רבי שרייבט אַ סך תורה אויפן שיף. — ער פאַרזאָגט דעם משמש זיינעם, ער זאָל ניט אַריינקוקען אין דער תורה זיינער. — דער רוח סערה, וואָס עס איז געוואָרען באַלד ווי זיי האָבען אָנגעהויבען געהן מיט דער שיף איבערן שוואַרצען ים. — אין מיטען רוח סערה, קומט צום רבין אַ מת, וואָס איז ערשט ניט לאַנג געשטאָרבען, בעטען אַ תיקון פון איהם. — אין פיער טעג זענען זיי אָנגעקומען קיין סטאַמבול. — דער רב זאָגט אַז דעם מענשען זיינעם, ער זאָל קיינעם ניט זאָגען, ווער ער איז.

איידער ער זכרונו לברכה איז געפאָהרען קיין ארץ־ישראל, איז ער געווען אין קאַמעניץ.

און זיין נסיעה קיין קאַמעניץ איז געווען אַ גרויס וואונ־דער. ווארום ער איז פּלוצלינג אוועקגעפאָהרען פון זיין היים. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט אוועקצופאָהרען: ער ווייסט אָבער נאָך אַליין ניט, וואוהין ער פאָהרט.

און ער איז געפאָהרען אויף דעם וועג, וואָס מען פאָהרט קיין מעזשביזש, און האָט זיך דאָרט אָפּגעשטעלט, ווען ער איז אָנגעקומען אַהין.

אין מעזשביזש איז ער געווען אויף דעם קבר פון זיין זיידען הבעש״ט הקדוש זצ״ל. האָט ער איהם מודיע געווען, אַז ער באַדאַרף פאָהרען קיין קאַמעניץ.

איז ער געפאָהרען קיין קאַמעניץ.

און אַלע זיינע נסיעות זיינען געווען פאַרשטעלט, אָהן שום פּרסום. ער פלעגט אָנזאָגען זיינע מענשען, אַז זיי זאָלען ניט מודיע זיין אויף קיין שום אָרט, אַז ער פאָהרט. ער פלעגט פאָהרען פאַרשטעלט אַזוי ווי אַ סוחר. איז ער אַזוי געפאָהרען פאַרשטעלט אויך קיין קאַמעניץ.

און דעמאָלט האָט קיין שום איד ניט געטאָרט וואוינען אין קאַמעניץ, זיי האָבען אפילו ניט געטאָרט איבערנעכטיגען דאָרטען: נאָר אַלע אידען זיינען געזעסען חוץ לעיר. דער וואָס האָט געדאַרפט עפּעס קויפען אין שטאָדט, פלעגט אַריינגעהן בייטאָג אין שטאָדט אַריין. ביינאַכט אָבער האָבען אַלע אידען געמוזט אַרויסגעהן פון דער שטאָדט. זיי האָבען ניט געטאָרט בלייבען נעכטיגען דאָרטען.

און דער רבי ז״ל איז אַריינגעגאַנגען אין שטאָדט אַריין מיט זיינע מענשען און איז דאָרטען געווען ביז נאַכט.

ביינאַכט האָט ער געהייסען זיינע מענשען אַרויסגעהן פון דער שטאָדט, און ער אַליין איז געבליבען אין שטאָדט. ער האָט דאָרט גענעכטיגט, און קיין שום מענש ווייסט ניט, וואָס ער האָט דאָרט געטאָן.

אין דער פריה איז זיין מענש געקומען צו איהם אין שטאָדט אַריין.

איז ער געגאַנגען מיט דעם מענשען אין פיעלע הייזער.

און אין יעדער שטוב האָט ער זיך געמאַכט עפּעס אַן אויסרייד.

אין אַ טייל הייזער האָבען זיי זיך געהייסען געבען אַ ביסעל בראַנפּען און דעסטגלייכען.

---

ער איז געווען אין זעהר פיעל הייזער — און קיין מענש ווייסט ניט זיין כונה, וואָס ער האָט דאָרט געטאָן.

דערנאָך איז ער פון דאָרט אוועקגעפאָהרען אַהיים.

און פון דער צייט, וואָס ער האָט געבענטשט אין קאַמעניץ, איז געגעבען געוואָרען רשות צו די מענשען פון קאַמעניץ, אַז זיי זאָלען מעגען וואוינען אין שטאָדט.

און ער האָט געזאָגט: דער וואָס ווייסט פאַר וואָס ארץ־ישראל איז געווען פריהער ביי כנען, און דערנאָך ביי אידען, דער ווייסט, פאַר וואָס איך בין פריהער געווען אין קאַמעניץ און דערנאָך אין ארץ־ישראל.

---

און די גאַנצע וועלט האָט געזאָגט פּירושים אויף זיין וואונדערלאַכער נסיעה קיין קאַמעניץ. אָבער זיי האָבען אַלע אַ טעות געהאַט. אפילו די מענשען, וואָס ער האָט זיי עפּעס מגלה געווען אַ רמז, האָבען זיי אויך ניט געוואוסט זיין כונה אינגאַנצען.

אַ טייל האָבען געזאָגט, אַז ער איז געפאָהרען קיין קאַמעניץ, כדי ער זאָל דאָרטען געפינען די כתבים פון הבעש״ט הקדוש זצ״ל, וואָס ער האָט זיי פאַרשלאָסען אין אַ שטיין. זיי האָבען געזאָגט, אַז די כתבים זיינען באַהאַלטען אין קאַמעניץ.

ער ז״ל האָט אָבער דערפון געלאַכט.

ער האָט געזאָגט, אַז ער איז פון דעם וועגן גאָר ניט געפאָהרען. ער זאָל וועלען די כתבים, וואָלט מען זיי איהם געבראַכט אַהיים. נאָר ער באַדאַרף זיי גאָרניט.

---

און ערב פסח אין דעם יאָהר תקנ״ח לפ״ק איז דער אדמו״ר ז״ל אַרויסגעגאַנגען פון דער מקוה און האָט געזאָגט צו דעם מענשען, וואָס איז געגאַנגען מיט איהם, אַז אין דעם יאָהר וועט ער אודאי זיין אין ארץ ישראל. און פסח האָט ער געזאָגט תורה אויף דעם פסוק „ושבילך במים רבים ועקבותיך לא נודעו״ — דער וועג דיינער איז דורך פיעלע וואַסערען. די טריט דיינע אָבער זיינען ניט באַמערקבאַר — ער האָט אַ קשיא געפרעגט פון דעם אָנהויב פסוק אויף דעם סוף פסוק און געזאָגט תורה דערויף און פאַרענטפערט די קשיא.

און פון די רייד פון זיין הייליגער תורה האָבען אַלע די וואָס זיינען געקומען צו איהם געוואוסט, אַז ער וועט אודאי פאָהרען קיין ארץ־ישראל.

אַז זיין ווייב האָט דאָס דערהערט, האָט זי געשיקט די טאָכטער פרעגען איהם: ווי אַזוי וועט ער זיי איבערלאָזען? ווער וועט זיי מפרנס זיין?

האָט ער אַזוי געענטפערט:

— דו וועסט אַוועקפאָהרען צו דיין מחותן. דיין עלטערע שוועסטער — וועט זי איינער צונעהמען פאַר אַ „ניאַנקע״. דיין קלענערע שוועסטער וועט זי איינער צונעהמען צו זיך פאַר רחמנות. און דיין מוטער וועט זיין אַ דינסט, אַ קעכערין. און אַלצדינג, וואָס איך האָב אין שטוב, וועל איך פאַרקויפען, כדי איך זאָל האָבען אויף דער הוצאה פון דער נסיעה.

אַז די בני־בית האָבען דאָס געהערט, האָבען זיי אויס־געבראָכען אַלע אין אַ געוויין. זיי האָבען געוויינט כמה טעג, און ער האָט אויף זיי גאָר קיין רחמנות ניט געהאַט. ער האָט געזאָגט, אַז עס קען אַנדערש ניט זיין: יהיה איך שיהיה, ער מוז פאָהרען. וואָרים אין דער גרעסטער העלפט זיינער איז ער שוין דאָרט, און דער מעוט געהט דעם רוב נאָך.

און ער האָט געזאָגט:

— איך וויל פאָהרען קיין ארץ־ישראל. איך ווייס די גרויסע מניעות, די עיכובים וואָס איך וועל האָבען אויף דער דאָזיגער נסיעה. בלי שיעור וערך וועלען זיי זיין. נאָר כל־זמן די נשמה האַלט זיך נאָך אין מיר, כל זמן עס וועט נאָך זיין אין מיר אַ לעבעדיגער אָטעם, וועל איך מיך מוסר נפש זיין און פאָהרען קיין ארץ־ישראל: און זאָל גאָט טאָן וואָס ער וויל *).

און ער האָט געזאָגט:

— איך וויל פאָהרען תיכף, ווי עס וועט זיך ניט מאַכען, אפילו אָהן געלד. נאָר ווער עס וויל אויף מיר רחמנות האָבען, זאָל מיר עפּעס געבען אויף הוצאות.

זיינען תיכף אייניגע פון אנשי שלומנו ארויסגעפאָהרען אין די נאָהענטע שטעדטלעך און האָבען צוזאַמענגענומען באַלד אַביסעל געלד, כדי ער זאָל על כל פּנים האָבען אויף הוצאות אָוועקצופאָהרען פון דער היים. וואָרום די נסיעה איז געווען אין גרויס אייליגקייט, זיי האָבען געזעהן, אַז מען קען איהם גאָר ניט פאַרהאַלטען לענגער.

---

*) אין דער אידישער איבערזעצונג: און ער האָט געזאָגט: „אין יעדען טריט פון דער נסיעה קיין ארץ ישראל האָב איך געהאַט מסירות נפש".

און דער אדמו״ר ז״ל האט אפגערעדט מיט איינעם פון זיינע מענשען, ער זאל מיט איהם פאהרען אינאיינעם.

---

אכטצעהן טאג אין אייר איז ער ארויסגעפאהרען פון דער היים פון מעדוועדאווקע קיין ניקאלאיעוו.

און דארט איז געווען א שיף, וואס האט געפיהרט ווייץ קיין אדעס. איז ער אוועקגעפאהרען מיט דער שיף אויף אדעס קיין סטאמבול. ווארים פריהער פלעגען די משולחים און אנדערע מורא האבען צו פאהרען דורך אדעס. זיי האבען געזאגט, אז דער ים איז דארט מסוכן. זיי פלעגען דער־פאר פאהרען נאר דורך גאלאץ. ער אבער מיט זיין גרויסער חכמה האט באלד פארשטאנען, אז עס איז בעסער צוליעב כמה טעמים צו פאהרען אויף א שיף דורך אדעס. ווארום מען פארשפארט א סך וועג, דעם גאנצען וועג, וואס איז פארהאנען פון אונזער מדינה קיין גאלאץ, און מען מיידט אויך אויס די סכנה, וואס איז פארהאן ווען מען פאהרט פון גאלאץ. ווארום עס איז פארהאן א גרויסע סכנה, ווען מען געהט איבער פון טייך טונא אין ים אריין. ער האט זיך כלל ניט צוגעהערט צו די רייד פון דער וועלט און איז גע־פאהרען פון ניקאלייעוו דורך אדעס קיין סטאמבול.

---

און ער האט געהייסען זיין מענשען, ער זאל קויפען פיעל פאפיער און טינט, און באלד ווי זיי זיינען ארויפגע־קומען אויף דער שיף, האט ער אנגעהויבען שרייבען תורה. און דעם מענש הנ״ל האט ער פארזאגט, ער זאל ניט אריינ־קוקען אין זיינע כתבים. ער האט פון איהם געפאדערט, ער זאל דאס איהם צוזאגען בהן שלו. האט יענער אזוי געטאן.

דעמאָלט האָט ער איהם געגלויבט און האָט איהם געגעבען דעם שליסעל פון זיין קעסטעל.

---

און אַז זיי זיינען אַרויסגעפאָהרען פון אדעס האָבען זיי באַגלייט אַ סך מענשען מיט גרויס כבוד. עס זיינען זיי נאָכגעפאָהרען כמה עגלות און מען האָט זיי אַרויסבאַגלייט מיט געזאַנג און גרויס פרייד.

---

און אַז זיי האָבען אָנגעהויבען געהן מיט דער שיף אויף דעם שוואַרצען ים, איז תיכף אין דעם ערשטען טאָג געוואָרען אַ גרויסער שטורם ווינט, אַז די כוואַליעס האָבען אַזש גע־שפּרונגען אין שיף אַריין. האָבען זיי געמוזט זיין פאַרשלאָסען אין אַ חדר, אַז דאָס וואַסער זאָל צו זיי ניט צוקומען.

און די גאַנצע צייט האָט געבליצט און געדונערט, און ווינטען גרויסע אָהן אַ שיעור האָבען געבלאָזען.

און די בליצען און די דונערען און די ווינטען מיט די ברויזענדע כוואַליעס האָבען אויף אַלעמען אין דער שיף אַ גרויסען פחד אַנגעוואָרפען. האָבען זיי — דער רבי מיט זיין מענש — מחמת דעם גרויסען פחד ניט געקענט שלאָפען ביינאַכט.

---

און דענסטמאָל *), אין מיטען רוח סערה, איז געקומען צו דעם רבי ז"ל אַ מת, וואָס איז ערשט ניט לאַנג געשטאָרבען, נאָך אַ תיקון. האָט דער רבי ז"ל זיך פאַרוואונדערט. ער האָט געזאָגט צו זיין מענשען: „האָסטו געזעהן? דער יונ־

*) דער פּאַראַגראַף איז ניטאָ אין העברעאישען טעקסט.

גערמאַן פון וואלהיווייץ איז דאָך געקומען אַהער נאָך אַ תיקון".

---

אין פיער טעג אַרום זיינען זיי אָנגעקומען קיין סטאַמ־בול, האָבען זיי זיך אַנידערגעזעצט ביים פּאָרט, וואָרום זיי האָבען ניט געוואוסט אין אַ וואַסערע שטוב אַריינצוגעהן. וואָרים זיי האָבען ניט דערקענט פון אַ איד ביז אַ טערק *), פרעגען האָבען זיי אויך ניט געקענט, מחמת זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען זייער לשון. דערווייל האָבען זיי דאָרטען גע־פונען אַ מענשען, וואָס האָט געקענט אונזער לשון אויך. האָט ער זיי תיכף געדונגען אַ גוטע סטאַנציע אין דעם קוואַרטאַל, וואָס הייסט „גאַלאַטע".

נאָך זייער קומען אַהין, אין צוויי שעה אַרום, האָט ער געזאָגט, אַז ער וויל דאָרט ניט זיין. האָט איהם געפרעגט דער מענש וואָס האָט פאַר זיי פריהער געדונגען די סטאַנציע: „אפשר וויל כבודו בעסער זיין אין עיקר קרוין־שטאָדט סטאַמ־בול, וואָס דאָרט זיצט דער תוגר אַליין, און **) קיין שום פאַרל טאָר דאָרטען ניט אַריינקומען, נאָר זכרים אַליין?" האָט ער געענטפערט, אַז דאָרט איז פאַר איהם אודאי בעסער. האָט זיי דער מענש געפיהרט אַהין, ער זאָל זיי דינגען דאָרט אַ סטאַנציע.

און דער מענש האָט איהם דערצעהלט, אַז דאָרט זענען פאַרהאַן אַצינד שד"רס פון ארץ־ישראל, און נאָך צוויי מענ־שען פון אונזער מדינה זיינען דאָרט דאָ מיט זיי: זיי זיינען געווען אין ארץ־ישראל און איצט קעהרען זיי זיך אום אַהיים

---

*) פון אַ איד ביז אַ קריסט — אין דער אידישער אי־בערזעצונג.

**) ביז „אַליין" — נאָר אין העברעאישען אָריגינאַל.

קיין חוץ־לארץ. אז דער רבי ז״ל האָט דאָס דערהערט, האָט ער געזאָגט צו זיין מענשען הנ״ל, וואָס איז געפאָהרען מיט איהם: „איך בין דיר מזהיר, אז דו זאָלסט מיך ניט מגלה זיין. דו זאָלסט בשום אופן ניט אויסזאָגען פאַר די מענשען, ווער איך בין, אז זיי וועלען דיך פרעגען״.

---

און זיי זיינען געגאַנגען קיין סטאַמבול.

## ב.

# אין סטאַמבול

**דער רבי באַגעגענט זיך אויף דער סטאַנציע זיינער אין סטאַמבול** מיט די צוויי מענשען, וואָס זענען דורך סטאַמבול שוין צוריק אַהיים פון ארץ־ישראל געפאָהרען. — זיי ווילען וויסען, ווער דער רבי איז. — זיי קענען אָבער גאָר ניט געוואויר ווערען ניט ביים רבין, ניט ביים מענשען זיינעם. — זיי הויבען איהם אָן חושד זיין, אַז ער פאָהרט פאַרפיהרען אַ מחלוקת מיט דעם קאַליסקער. — זיי זענען איהם מבזה בכל המיני בזיונות. — דער רבי טהוט אַלץ בכונה, ער זאָל זיי וואָס מעהר אויפרייצען געגען זיך. — ער איז צופרידען פון די בזיונות, וואָס ער ליידט פון זיי. — ער זאָגט, אַז ווען ניט די בזיונות, וואָלט ער חס ושלום געשטאָרבען אין סטאַמבול. — אַז זיי זענען אָפּגעפאָהרען פון סטאַמבול, האָבען זיי ניט געוואָלט נעהמען קיין בריעף פון רבין. — איינער פון די צוויי מענשען, וואָס האָט גאָר שטאַרק מבזה געווען דעם רבין, איז געשטאָרבען באַלד, ווי ער איז געקומען אַהיים. — דער ענין פון „ענוש לצדיק“. — אַ משל פון אַ בן מלך און אַ בן שרה. — אַ דבר אין חצר, וואו דעם רבינס סטאַנציע האָט זיך געפונען. — דער רבי געהט איבער אויף דער סטאַנציע פון רבי זאב וואָלף מטשארנע אוסטראָה. — רבי זאב גיט אָפּ גרויס כבוד דעם רבין. — דער רבי טהוט פיעל זאַכען געגען דעם רצון פון רבי זאב. — רבי זאב וואונדערט זיך זעהר דערויף. — פאַר גרויס ליעבשאַפט אָבער צום רבין, האָט ער אויף איהם קיין תרעומות ניט. — איינמאָל, ווען רבי זאב איז נאָך געזעסען ביי שלש סעודות, איז אַריינגעקומען צו איהם דער רבי אָהן אַן אויבערשט היטעל, אָהן אַ גאַרטעל, מיט דער לולקע אין האַנט. — רבי זאב האָט דעמאָלט פאַרענדיגט באַלד דעם שלש סעודות. — רבי נחמן פראַוועט „מעשי קטנות“ אין סטאַמבול. — ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אונטערשלאַג, וואָס ער האָט געהאַט פון אַ בגד. — ער איז דאָרטען אויך אַרומגעגאַנגען באָרוועס אין גאַס. — ער שפּילט זיך אין מלחמות, ווי קליינע קינדער. — דער רבי האָט געזאָגט, אַז ער האָט די דאָזיגע מעשי קטנות באַדאַרפט האָבען פאַר זיינע השגות. — פאַר אַן עליה באַדאַרף מען אַ ירידה האָבען.

אז דער רבי מיט דעם מענשען זיינעם זענען אנגעקומען קיין סטאמבול, האט תיכף איינער פון די צוויי מענשען, וואס זענען געפאהרען פון ארץ־ישראל אהיים,

דערקענט דעם מענשען, וואס איז געפאהרען מיט דעם רבי ז״ל. האט ער איהם געפרעגט: „וואס טהוסטו דא?" האט ער איהם גענטפערט: „איך פאהר מיט דעם יונגענמאן קיין ארץ־ישראל". האט ער איהם געפרעגט: „ווער איז ער?" האט ער ניט געוואלט זאגען, ווער ער איז, אזוי ווי דער רבי ז״ל האט איהם אנגעזאגט. נאר ער האט זיי געענטפערט, אז דער יונגערמאן האט א בילעט מהקארדאן של הקיר״ה פון עסטרייך.

איז די מענשען ארויף א געדאנק אויף דעם רבי ז״ל, אז ער פאהרט קיין ארץ־ישראל מאכען דארט א מחלוקת אויף הרב הצדיק הר׳ אברהם קאליסקער ז״ל. זיי זיינען אויף אזוי פיעל אריין אין זייער טעות, אז זיי האבען שוין געהאט א סך ראיות דערויף, אז ער פאהרט נאר צוליעב דעם. זיי האבען שוין גאר אנדערש ניט גע־גלויבט, נאר אז ער ז״ל איז געשיקט פון פיעלע מענשען, ער זאל קריגען אויף איהם.

האבען זיי אנגעהויבען אויספרעגען ביי דעם מענשען, וואס איז געוועזען מיט אונזער רבין, אויב דער יונגערמאן האט בריעף מיט זיך. האט ער זיי געענטפערט, אז ער האט ניט קיין שום בריעף. האבען זיי איהם געפרעגט: „וואס איז די כונה זיינע מיט דער דאזיגער נסיעה זיינער קיין ארץ־ישראל?" האט ער געענטפערט, אז ער ווייסט ניט זיין כונה מיט דער נסיעה. האבען זיי שוין ניט געוואלט זיך מעהר פארלאזען אויף דעם מענשען און האבען געזאגט, אז ער נארט זיי אויך אפ. זיי האבען געזאגט צו איהם: „באטש מיר קענען דיך פאר אן עהרליכען מאן פון שטענדיג אן. אצינד אבער ווייזט אויס, אז דו נארסט אונז אפ. מיר ווייסען שוין ניט, צי דו האלטסט זיך נאך ביי דיין עהר־ליכקייט". נאכדעם האבען זיי איהם געפרעגט: „האסטו

געפרעגט דיין רבין, רבי נחמן פון מעדוועדאווקע, צי דו זאלסט פאהרען מיט דעם יונגען מאן?״ האט ער זיי גע־ענטפערט: „יא״. נאר זיי האבען אויף איהם שוין גאר ניט געוואלט שטעלען. ווארום עס האט זיי געשיינט צו זייז זי־כער, אז רבנו ז״ל איז א איש מרמה חס ושלום און ער פאהרט פארפיהרען א מחלוקות אויף די אנשי ארץ־ישראל.

דערנאך האבען זיי זיך מיישב געווען און זיי זיינען צוגעגאנגען צו איהם אליין און האבען גערעדט מיט איהם, טאמער וועלען זיי קענען אויסגעפינען ביי איהם ווער ער איז: פון וואסער ארט און פון וועלכער משפחה ער איז. ער האט אבער גאר ניט געוואלט מגלה זיין. האבען זיי אנגעהויבען אנווענדען גרויס חכמה, אויספארשענדיג איהם דורך כמה אופנים, אפשר וועלען זיי קענען ארויסקריגען פון איהם עפעס א דבור, זיי זאלען קענען פארשטעהן דורך איהם, ווער ער איז. האט ער זיי אויך געענטפערט מיט חכמה אויף אלע זייערע פראגען, ביז זיי האבען פון איהם גאר ניט געקענט פארשטעהן, ווער ער איז. ער האט מבלבל געווען זייער דעה און אפגענארט זיי און פארדרעהט זיי דעם קאפ מיט זיינע קלוגע ענטפערס, אז זיי האבען גארניט געקענט מאכען מיט איהם, זיי זאלען כאטש א האלב ווארט אפילו ארויסקריגען פון איהם, וואס זיי זאלען עס קענען פארשטעהן, ווייל אלע מאל האט ער זיי, ווי גאר אן אנדער מענש אויס־געזעהן. למשל: זיי האבען איהם געפרעגט, צי ער איז א כהן. האט ער זיי געענטפערט: יא. דעם אנדערען טאג האבען זיי איהם פלוצלונג א פרעג געטאן, צי ער איז א ישראל. האט ער זיי געענטפערט: יא. האבען זיי איהם געפרעגט: „דו האסט דאך אונז נעכטען געזאגט, אז דו ביזט א כהן, וואס־זשע זאגסטו גאר איצט, אז דו ביזט א ישראל?״ האט ער זיי געענטפערט: „כהן איז די מדה

פון חסד. ישראל איז אַן אַנדער מדה. אין מיר ברוך השם זענען ביידע מדות פאַרהאַן". האָבען זיי צו איהם געזאָגט: „עס ווייזט אויס, דו פאַהרסט קיין ארץ־ישראל מאַכען דאָרט אַ מחלוקת, נאָר דו ווילסט אונז ניט מגלה זיין".

און זיי האָבען איהם אָנגעהויבען פיינט צו האָבען בתכלית השנאה. זיי האָבען איהם מבזה געווען בכל מיני בזיונות און האָבען איהם כמה טעג בלי שיעור וערך מיט קללות נמרצות געשאָלטען.

און דאָס רוב בזיונות איז געווען פון איינעם פון די ראַזינע צוויי מענשען.

און ער ז״ל האָט זיך אָנגעהויבען בעטען ביי זיי און געזאָגט:

— איהר זאָלט וויסען, אַז איך וועל אייך אודאי ניט מגלה זיין מיין עיקר כונה פון מיין נסיעה קיין ארץ־ישראל. ווארים איך האָב עס אפילו מלבי לפומי ניט מגלה געווען. אָבער „מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד". מיר קענען דאָך פאַרברענגען אינאיינעם אפילו אַז איינער ווייסט ניט דעם עיקר כונה פון צווייטען.

האָבען זיי איהם געענטפערט:

— אַז דו וועסט אונז מגלה זיין דיין כונה, וועסטו אודאי האָבען דורך אונז אַ גרויסע טובה.

האָט ער זיי געענטפערט:

— איך וועל אודאי ניט מגלה זיין מיין עיקר כונה בשום אופן. איך וויל פון אייך ניט מקבל זיין קיין שום טובה. אַדרבה, איהר קענט מקבל טובה זיין פון מיר, אויב איהר וועט וועלען.

האָבען זיי איהם געענטפערט:

— עס ווייזט אויס פון דיין לשון, אַז דו רעדסט אויף דעם שטייגער פון די גרויסע מפורסמים, אַזוי ווי רבי ברוך

און רבי שלום און רבי נחמן *) און אַנדערע ווי זיי, וואָס זייער שטייגער איז צו רעדען גדולות בלשון נסתר. נאָר דו ביזט אודאי ניט איינער פון זיי. ווארים עס ווייזט אויס, אַז דו ביזט אודאי איינער פון די, וואָס קריגען אויף דעם הרב הצדיק רבי אברהם קאַליסקער.

און זיי האָבען געזאָגט צו איהם, אַז איידער נאָך ער וועט קומען קיין ארץ־ישראל, וועט שוין דאָרט זיין אַ בריעף, אַז ער איז פון די מתנגדים, וועט ער זיי שוין ניט קענען אָפּנאַרען. זיי זיינען אויך געגאַנגען צו דעם מעקלער פון די שיפען, וואָס אַליין איז ער געווען פון פוילען, און אַ ווייב האָט ער גענומען פון די פרענקען, און זיין שוויגער איז געווען אַן אריינגעהעריין ביים טערק. דער דאָזיגער מעקלער איז געווען אַ זעהר אָנגעזעהענער מענש דאָרט. זיינען זיי געגאַנגען צום דאָזיגען מעקלער און האָבען איהם געבעטען און געזאָגט צו איהם:

— דו זאָלסט למען השם ניט לאָזען פאָהרען דעם דאָזיגען מענשען קיין ארץ־ישראל. ווארים ער איז פון די חולקים. ער וויל דאָרט מאַכען אַ גירוש חס ושלום. אויב דו קענסט איהם טאָן אַ רעה, וועסטו האָבען דערפאַר פיעל שכר מן השמים.

און דער רבי און דער מענש, וואָס איז מיט איהם געווען, האָבען דערפון גאָרניט געוואוסט.

הכלל, די דאָזיגע צוויי מענשען האָבען איהם מבזה געווען מיט כל המיני בזיונות, און ער האָט אַלעס איבער־געטראָגען, און ניט געוואָלט זיי מגלה זיין ווער ער איז.

---

*) רבי ברוכל מעזשביזשער; רבי שלום פּראָהיביטשער, רבי אברהמעלע מלאכס זוהן, דעם מעזשעריטשער מגידס אייניקעל; רבי נחמן בראַסלאַווער.

ער האָט זיי בכיון אָפּגענאַרט און צוטומעלט, ביז זיי האָבן איהם אַלע מאָל שטאַרק געזידעלט דערפאַר וואָס ער פאַר־שטעלט זיך אַלע מאָל אַנדערש.

איינמאָל האָט ער מיט זיי גערעדט, האָט זיך זיי אויס־געוויזען, אַז ער איז פון לאַגערנע. דערנאָך האָבן זיי גע־זעהן, אַז עס איז ניט אַזוי. האָבן זיי איהם מבזה געווען זעהר שטאַרק. אַן אַנדערש מאָל האָט ער מיט זיי גערעדט, האָט זיך זיי אויסגעוויזען, אַז ער איז דער זוהן פון קאַמאַרנער מגיד, מיט וועמען עס איז פאָרגעקומען דעמאָלט אַ גרויסע מחלוקת, כמפורסם. נאָכדעם האָט ער אין מיטען רעדען אָנגעהויבען שעלטען דעם קאַמאַרנער מגיד. האָבן זיי אויף איהם אָנגעשריען: „ער איז דאָך דיין טאַטע?" האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז זיי ווייסען נאָך אַלץ גאָר ניט פון איהם.

און יעדען מאָל האָט ער אַן אַנדער נאָמען געהאַט. און מיט וואָס פאַר אַ נאָמען זיי האָבן איהם גערופען, איז ער צו זיי צוגעקומען. פּלוצלונג האָבן זיי איהם אַ רוף געטאָן ישעיה, כדי זיי זאָלען איהם אויספּרובירען, אויב ער איז דער זוהן פון קאַמאַרנער, וואָס האָט געהייסען ישעיה. איז ער ז״ל תיכף צוגעקומען צו זיי. האָבן זיי שוין גע־רעכענט, אַז ער איז אודאי יא דעם קאַמאַרנער מגידס זוהן. האָט ער זיי אָבער אָנגעהויבען אויסווייזען, אַז ער איז ניט זיין זוהן. בתוך כך האָבן זיי אָנגעהויבען רעדען פון דער מתנה וואָס דער קאַמאַרנער האָט געשיקט צו זיין זוהן. האָט דער רבי אָנגעהויבען זיי בעטען, מען זאָל איהם ווייזען זיין מתנה. האָבן זיי ווידער גערעכענט, אַז ער איז דער זוהן פון דעם קאַמאַרנער. בתוך כך האָט ער ווידער אָנגע־הויבען שעלטען דעם קאַמאַרנער. זיינען זיי אין כעס גע־ווארען און האָבן דעם רבין שטאַרק מבזה געווען. זיי האָבן איהם געפרעגט: „פאַר וואָס זאָגסטו איצט, אַז דיין

נאַמען איז אזוי, און נאָכדעם זאָגסטו אַז אַנדער נאָמען? און אזוי רופסטו אויך אַן די שטאָדט דיינע אַלע מאָל מיט אַן אַנדער נאַמען?״ האָט ער זיי אויך אזוי געענטפערט, אַז „יעדער נאַמען איז ווערדליג דער מדה און דער ספירה, וואָס דער מענש האָט אין זיי די אחיזה זיינע: בין איך ברוך השם כלול פון זיי אַלע״.

הכלל, וואָס ער האָט געהאט מיט די דאָזיגע צוויי מענ־שען איז ניט באפשר גאָר אויסצושרייבען אויף פאַפיר. דער רבי ז״ל פלעגט זיי אַמאָל אויך אומזיסט אויפוועקען פון שלאָף און אַנהויבען מיט זיי צו רעדען, ביז זיי זיינען אין כעס געוואָרען און האָבען איהם אָנגעהויבען צו שעלטען און מבזה זיין.

---

ערב שבת קודש, ווען די צוויי מענשען זיינען געקומען פון מרחץ, האָבען זיי געטראָפען דעם רבין ליגען אויף דעם בעט באַרוועס און אָהן דעם גאַרטעל, נאָר אין דער יאַרמולקע. האָט דער רבי געפרעגט די מענשען: „פאַרוואָס אַ גאַנצע וואָך איז מיין גוף גרינג, און איך האָב ניט קיין שווערקייט. אַצינד בין איך אָבער אזוי שווער, אַז כמעט איך קען ניט אויפשטעהן פון דעם אָרט״.

האָבען זיי איהם געענטפערט:

— מחמת אַלע עש״ק געהט אַוועק די נשמה פון יעדען מענשען אויבען און די נשמה יתירה קומט אַראָפ צו איהם. איז ביי דיר אויך די נשמה אַוועקגעגאַנגען. די נשמה יתירה ביזטו אָבער ניט זוכה צו מקבל זיין. איבער דעם איז דיין גוף שווער.

האָט זיי דער רבי געענטפערט:

— וועה איז צו אייך, אַז אפילו אַזאַ קליינע זאַך ווייסט איהר אויך ניט וואָס צו ענטפערען.

און דער רבי האָט געבעטען די מענשען, אַז ער זאָל מיט זיי ביחד עסען שבת. האָבען זיי ניט געוואָלט, נאָר דעם מאַן, וואָס איז געפאָהרען מיט דעם רבין, האָבען זיי יאָ צוגענומען, ער זאָל מיט זיי עסען שבת. האָט דער רבי געמוזט עסען מילכיגס דעם שבת מחמת עס איז ניט געווען קיין שוחט הגון. זיי אָבער האָבען יאָ געהאַט מיט זיך אַ שוחט. פרייטאָגצונאַכטס איז דער רבי אַריינגעגאַנגען צו זיי. האָבען זיי זיך געקריגט מיט דעם רבין. זיי האָבען איהם געוואָלט אַרויסשטופען. אין דאָרט געוואָרען אַ גרויסער רעש פון דער מחלוקת. און אין דער פריה איז אויך געווען דאָס אייגענע.

---

און דער רבי האָט דאָס אַלץ געטאָן בכונה, כדי זיי זאָלען איהם מבזה זיין בכל מיני בזיונות. ער האָט געזאָגט זיין מענשען, אַז די בזיונות וועלען איהם זיין אַ גרויסע טובה צו זיין פאָהרען קיין ארץ־ישראל און צוריק פון ארץ־ישראל. ער האָט געזאָגט, אַז ער וואָלט ניט געקענט קומען קיין ארץ־ישראל, ווען ער זאָל ניט האָבען די בזיונות. אַז ער וואָלט חס ושלום געווען נסתלק געוואָרען אין סטאַמבול, נאָר דאָס קטנות מיט די בזיונות האָבען איהם אַ סך געהאָלפען. מחמת ארץ־ישראל איז זעהר אַ גרויסע זאַך, מוז מען זיך אַראָפּלאָזען, זיך לאָזען מבזה זיין איידער מען קומט קיין ארץ־ישראל.

---

דערנאָך האָט דער רבי געזאָגט צו זיין מענשען, אַז ער זאָל געבען צו די צוויי מענשען איינגעמאַכטס און משקאות און פאַרבייסאַכטס, וואָס זיי האָבען ביי זיך געהאַט.

---

און די צוויי מענשען זיינען אַוועקגעפאָהרען און האָבען ניט געוואָלט נעהמען קיין בריעף פון דעם רבין. נאָר פון

דעם מענשען האָבען זיי יאָ גענומען אַ בריעף. האָט דער רבי ז״ל אַריינגעלעגט זיין בריעף אין דעם מענשענס בריעף.

און די צוויי מענשען האָבען געוואָלט עפענען דעם בריעף, אפשר וועלען זיי עפּעס קענען פאַרשטעהן, ווער דער רבי איז און פון וואַנען ער איז. אָבער זיי האָבען דעם בריעף ניט געקענט געפינען. וואָרים ער איז פון זיי פאַרהוילען געוואָרען. זיי האָבען ניט געוואוסט, וואו זיי האָבען איהם געלעגט, ביז זיי זיינען געקומען קיין וואַלאַכיע. ערשט דאָרטען האָבען זיי געפונען דעם בריעף.

און אַז זיי האָבען געזעהן, אַז דער בריעף איז פון רבין, האָבען זיי זיך זעהר פאַרוואונדערט און געשראָקען.

---

און דער מענש, וואָס האָט דעם רבין אַ סך מבזה געווען איז געשטאָרבען תיכף, ווי ער איז געקומען אַהיים *).

---

און דער מענש הנ״ל האָט געפרעגט דעם רבין ז״ל: עס שטעהט דאָך געשריבען: „הלא ענוש לצדיק לא טוב״ — עס איז ניט גוט פאַר דעם צדיק ער זאָל מעניש זיין **).

האָט ער געענטפערט מיט אַ משל דערויף:

עס איז געווען אַמאָל אַ מלך, האָט ער ליעב געהאַט איינעם פון די בני שררות זיינע. ער האָט איהם מקרב געווען

---

*) אין דעם העברעאישען אָריגינאַל קומט דער דאָזיגער פּאַראַגראַף גאָר צולעצט, נאָך דער ענדע פון דעם גאַנצען ספור המעשה.

**) דער גאַנצער „ענוש לצדיק״ פראַגמענט געפינט זיך ניט אין דער אידישער איבערזעצונג פון „שבחי הר״ן״. ער קומט נאָר אין אָריגינאַל. ער קומט דאָרטען גאָר צום סוף, באַלד נאָך דעם פריהעריגען פּאַראַגראַף.

בכל מיני אהבה וחיבוב. נאָכדעם, אַז ער איז גרויס גע־וואָרען, האָט ער מעיז געווען אַנטקעגען מלך.

האָט דער מלך געזאָגט צו איהם:

— דו זאָלסט וויסען זיין, אַז כאָטש איך האָב דיך ליעב זעהר, פונדעסטוועגען קען איך ניט עובר זיין אויף די פיהרונגען פון דער מלוכה. דו וועסט מוזען פאַראורטיילט ווערען צום טויט.

און דער מלך האָט געהייסען באַלד, מען זאָל איהם שמיע־דען אין אייזערנע קעטען, און מען האָט איהם איינגעשפּאַרט אין תפיסה.

און דער דאָזיגער בן שררה האָט אָנגעהויבען זיך פאַר־שטעלען אין געדאַנק ביי זיך די יסורים זיינע, וואָס ער וועט האָבען פון טויט. האָט ער געזעהן, אַז דער צער זיינער וועט ניט געדויערען לאַנג, נאָר ביז ער וועט געהרגעט ווערען.

אָבער אַז ער האָט זיך אָנגעהויבען אויסמאָלען אין גע־דאַנק דעם צער פון מלך, האָט ער געזעהן, אַז דער צער פון מלך וועט זיין זעהר גרויס. וואָרים דער צער פון מלך וועט זיין שטענדיג. וואָרים ער ווייסט, אַז דער מלך האָט איהם זעהר ליעב. וועט ער נאָך איהם זעהר בענקען, און דער צער זיינער וועט אייביג זעהר גרויס זיין.

און עס האָט איהם באַנג געטאָן איבער דעם צער פון מלך מעהר נאָך ווי איבער זיין אייגענעם צער.

האָט ער מרבה במחשבות געווען, ווי אַזוי ער זאָל מציל זיין דעם מלך פון זיין צער.

האָט ער זיך אַזוי מיישב געווען: בושה איז דאָך פאַר־רעכענט, ווי טויט. האָט ער געהייסען דעם שר פון דער תפיסה, ער זאָל איהם ברענגען פאַר דעם מלך.

און אַז ער איז געקומען פאַר דעם מלך האָט ער געזאָגט צו איהם:

— דער אמת איז דאָך, אַז איך ווייס, אַז דיין צער איז גרעסער פון מיין צער, דו קענסט אָבער ניט עובר זיין אויף דעם דת־המלכות. בכן איז די ריכטיגע עצה, דו זאָלסט זעהן אַזוי מסבב הסיבות זיין, אַז עמיצער זאָל מיך מבייש זיין ברבים, וועט דאָס מיר פאַררעכענט ווערען, גלייך ווי איך בין געשטאָרבען, וואָרים בושה פאַר אַ מענשען איז ווי דער טויט. דעריבער זעה אַרויסנעהמען פון געפענגניש אַ גזלן, וואָס איז פאַרמשפּט געוואָרען צום טויט. איך וועל זיך מיט איהם רייצען, ביז ער וועט אין כעס ווערען אויף מיר און מיך מבזה זיין און שלאָגען ברבים, וועל איך דערפון האָבען גרוים בושה — וועט דאָס מיר פאַררעכענט ווערען ווי טויט. און דערנאָך וועט מען נעהמען דעם גזלן, וואָס איז חייב מיתה סיי ווי סיי, און מען וועט איהם טויטען, ווי דער דין זיינער איז. דער עולם וועט מיינען, אַז דערפאַר וואָס ער האָט מבזה געוועזען דעם באַליבטען דיענער פון מלך איז ער געהרגעט געוואָרען, וועט ניט פאַרשוועכט ווערען דער כבוד פון מלכות און דער כבוד פון דיענער זיינעם.

אַזוי מאַכט זיך אַמאָל, אַז איינער איז מבזה דעם צדיק. אין אמתן אָבער טהוט ער אַ גרויסע טובה דעם צדיק. וואָרום ער איז מכפּר מיט דעם דערויף, פאַר וועלכען ער האָט באַדאַרפט נסתלק ווערען. דער דאָזיגער גזר ווערט איהם פאַרביטען דעם צדיק אויף דער דאָזיגער בושה. פונדעסטוועגען אָבער איז דאָס קיין כבוד שמים ניט, מען זאָל ניט קיין נקמה נעהמען פון דעם, וואָס האָט מבזה געוועזען דעם כבוד פון דעם צדיק *) וואָס איז איהם אַזוי באַליעבט. שטראַ־

---

*) אין אָריגינאַל: „מלך״. עס איז קענטיג אָבער, אַז מיר האָבען דאָ צו טאָן מיט אַ טעות־סופר.

פען ווידער צוליעב דעם דעם דאַזיגען וואָס האָט מבזה גע־ וועזן דעם צדיק איז ביי איהם אויך ניט רעכט, ווייל „גם ענוש לצדיק לא טוב״. דעריבער איז ער יתברך מסבב הסיבות צו מעמיד זיין אויף דעם צדיק אַזאַ מענשען, וואָס איז חייב אַן עונש, וואָס איז חייב מיתה שוין פון לאַנג. ער איז זיי מזמין ביידע לפונדק אחד. יענער מענש איז מבזה דעם צדיק, קומט ער אַזוי אָפּ פאַר דעם גזר זיינעם, כנ״ל. דער דאַזיגער מענש ווידער ווערט נאָכדעם געשטראָפט. ווערט אַזוי דער שם שמים געהיילינט. וואָרים דער עולם זעהט, אַז ער איז צוליב דעם כבוד פון צדיק געשטראָפט געוואָרען. אין אמתן אָבער האָט ער אַ גבהאַ קטילא געהרגעט. וואָרים ער איז חייב דעם עונש זיינעם פון פריהער נאָך. „וישרים דרכי ה׳ ולא עולתה בו״ — גערעכט זיינען די וועגען פון גאָט, עס איז קיין אומרעכט אין איהם ניט פאַרהאַן.

---

און באַלד ווי די צוויי מענשען זיינען אוועקגעפאָהרען פון סטאַמבול איז געקומען צום רבין דער מעקלער און האָט איהם געוויזען בריעף פון אַלע צדיקים. זיי האָבען איהם געשריבען בקשות, ער זאָל זיין צוהילף צו די מענשען, וואָס פאָהרען קיין ארץ־ישראל, וואָרים ער איז חשוב ביי די שרי מלוכה: „דערום זאָלט איהר וויסען, אַז אויב איהר וועט מיר זאָגען ווער איהר זענט און פון וואָס פאַר אַ משפחה איהר זענט — איז גוט. אויב ניט, האָב איך בכח אייך צו טאָן שלעכטס, וואָס אייך וועט קיין זאַך ניט העלפען. ניט גענוג וואָס איהר וועט ניט פאָהרען קיין ארץ־ישראל, וועט איהר נאָך זיין אין תפיסה״.

און נאָך אַזעלכע רייד האָט ער גערעדט צו זיי.

אַז דער רבי האָט דאָס געהערט, האָט ער איהם אויס־ געזאָגט דעם אמת, אַז ער הייסט רבי נחמן, און איז דעם

בעל־שם־טובס אַן אייניקעל. ער איז אויך רבי נחמן האָראָ־דענקערס אַן אייניקעל.

און ער איז באַלד פון דעם רבין אַוועקגעגאַנגען.

דעם אַנדערן טאָג איז געקומען דער מעקלער צום רבין מיט גרוים הכנעה. ער האָט געזאָגט צו איהם מיט ליעב־שאַפט:

— רבי, גאָט איז מיט אייך, איהר זאָלט וויסען זיין, אַז אַלע טובות וועט איהר פון מיר האָבען. עס זאָל אייער שכר כפל כפלים זיין, וואָס איהר האָט מיר דעם אמת אויסגע־זאָגט. וואָרים ווען איהר וואָלט מיר ניט געווען זאָגען, וואָלט איך אייך געווען איבערגעענטפערט אין תפיסה. וואָלט מען מיך געשטראָפט דערפאַר אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט. איך בעט אייך, איהר זאָלט פון מיר פאַרלאַנגען, וואָס איהר דאַרפט, הן דינגען אַ שיף, הן אַנדערע זאַכען. דען איך בין גרייט אייך צו באַדינען.

דעם אַנדערן טאָג איז ער געקומען און האָט געזאָגט, אַז עס איז געקומען אַ שיף פון חוץ לארץ מיט אידען, און זיי האָבען אַ גוטען שוחט.

און אין דער דאָזיגער שיף איז געווען הרב החסיד המפורסם מו״ה זאב וואָלף ז״ל מטשארנע אוסטרא און נאָך חשובע מענשען. זיי האָבען געפרעגט אויף דעם רבין, ווער ער איז. האָט זיי דעם רבינס מענש אויסגעזאָגט דעם אמת. האָט באַלד רבי זאב געשיקט, אַז דער רבי זאָל קומען אויף זיין סטאַנציע, וועלען זיי זיין צוזאַמען אויף איין סטאַנציע, און ער וועט דעם רבין מקבל זיין מיט ליעבשאַפט. האָט דער רבי ניט געוואָלט געהן צו איהם. ער האָט געזאָגט, אַז דאָ איז פאַר איהם בעסער.

וואָרים ער האָט געטאָן אין סטאַמבול אַלערליי קטנות. ער איז געגאַנגען באָרוועס און אָהן אַ גאַרטעל

און אהן אן אויבערשט היטעל. ער איז אויך גע־גאנגען אנגעטאן אין דעם אונטערשלאק, וואס ער האט גע־האט פון א מלבוש, און איז געגאנגען אין גאס אזוי ווי קינדער לויפען ארום און שפילען זיך. ער האט זיך אויך געשפילט אין מלחמות, ווי דער שטייגער איז פון קינדער. איינעם האבען זיי א נאמען געגעבען פראנצויז. א צווייטען אן אנדער נאמען, און זיי האבען איינער מיט דעם אנדערען מלחמה געהאלטען. אזוי האט ער אלץ געטאן פיעל קטנות.

נאכדעם איז געווען אין זיין חצר א דבר רחמנא ליצלן. האט ער געמוזט אנטלויפען. ער האט געמוזט אריינגעהן אין דער סטאנציע פון רבי זאב.

האט רבי זאב געמאכט פון דעם רבינס וועגען א גרויסע סעודה און האט דעם רבין אפגעגעבען פיעל כבוד גאר אהן א שיעור.

---

און דער רבי האט געטאן פיעל זאכען געגען דעם רצון פון רבי זאב. פונדעסטוועגען, מחמת גרויס ליעבשאפט האט ער דארויף גאר ניט געקוקט, כאטש פיעל מאל האט עס איהם זעהר געוואונדערט.

ווארים אלע מאל, אז רבי זאב האט זיך געשטעלט דאווענען פארן עמוד, אזוי ווי דער שטייגער פון די מפורסמים, האט דער רבי דעמאלט געגעסען. ווארים ער האט פריהער אפגעדאווענט.

אט אזוי איז געווען פרייטאגצונאכטס און שבת בייטאג.

און צו שלש סעודות, אז רבי זאב האט זיך געזעצט עסען שלש סעודות, האט שוין דער רבי ז״ל לאנג אפגעבענטשט און האט געזאגט צו זיין מענשען, ער זאל זעהן אויב עס זיינען שוין דא שטערן.

האט ער באלד אפגעדאווענט מעריב און געמאכט הבדלה און גענומען די לולקע אין דער האנט און איז אריינגעגאנגען צו רבי זאבן אין שטוב.

און רבי זאב האט, ווי מיר האבען שוין געזאגט, ערשט נים לאנג זיך געזעצט צו שלש סעודות, אזוי ווי דער שטייגער איז פון מפורסמים.

און אז דער רבי איז צו איהם אריינגעגאנגען אהן אז אויבערשט היטעל און אהן א גארטעל, מיט דער לולקע אין דער האנט, האט רבי זאב איהם מקבל געווען מיט גרוים כבוד און האט באלד געבענטשט און געדאווענט מעריב און געמאכט הבדלה און האט גערעדט מיט דעם רבין כמעט א גאנצע נאכט. עס איז צווישען זיי געווען גרוים ליעבשאפט.

---

און וואס אויף דעם רבין איז איבערגעגאנגען בגשמיות וברוחניות — איז פיעל בויגענס פאפיר ווייניג צו באשרייבען. עס ווייזט אוים פון רבינס רייד, אז ער איז געווען אין סטאמבול זעהר אין א גרויסער סכנה. ער האט געמיינט, אז ער וועט דארט געווים נסתלק ווערען. נאר גאט האט מיט איהם פיעל נסים געטאן. ער האט אלץ איבערגעטראגען. דאס קליינשאפט האט איהם זעהר פיעל געהאלפען.

אויך אז ער איז געקומען פון דעם קבר פון רבין רבי נפתלי *), איז ער פלוצלונג געפאלען אויף דער ערד און איז אזוי געלעגען עטלאכע שעה. דערנאך האט מען איהם אנידערגעלעגט אויף א בעט, איז ער אזוי געלעגען א גאנצע נאכט ביז דעם אנדערען טאג. ער איז געלעגען אזוי ווי פארגאנגען, ביז דער אויבערשטער האט איהם געהאלפען,

---

*) רבי נפתלי כ״ץ, דער בעל „סמיכות חכמים”. אויף זיין וועג קיין ארץ־ישראל איז ער דארטען געשטארבען אין יאהר תע״ט.

ער איז אויפגעשטאַנען פון דער בעט און איז געקומען צו זיינע קרעפטען. ער האָט דאָרטען געהאט גרויסע סכנות און פיעל מניעות גאָר אָהן א שיעור אַלע שעה און אַלע רגע. נאָר ווי דער רבי ז״ל האָט אַליין געזאָגט, האָבען איהם די בזיונות און קטנות זעהר פיעל געהאָלפען.

דער רבי ז״ל האָט געזאָגט *), אַז ער איז אויף אַזוי פיעל אריינגעגאַנגען אין קטנות, אַז ער איז אויף אַזוי פיעל צו־געוואוינט געוואָרען צו דעם, אַז ווען ער איז שוין געקומען קיין ארץ־ישראל און האָט געוואָלט אוועקוואַרפען דאָס קטנות, האָט ער זיך געמוזט נויטען דערצו מיט גרויסע כחות. וואַ־רים מחמת ער איז שוין געווען איינגעוואוינט איז איהם געווען שווער אַוועקצוואַרפען דאָס קטנות, וואָס ער האָט עס פריהער באַדאַרפט האָבען אויך צוליעב זיינע השגות. וואָרים דאָס איז באַוואוסט, אַז איידער מען קומט פון איין מדרגה אויף דער אנדערער מוז מען האָבען פריהער א ירידה פאַר דער עליה: באַדאַרף מען דעמאָלט האָבען קטנות. האָט דער רבי אויך געדאַרפט האָבען קטנות איידער ער האָט זוכה געווען צו זיינע גרויסע השגות אין ארץ־ישראל. וואָרים אַז דער רבי איז שוין געקומען פון ארץ־ישראל איז ער געווען אַ גרויסער חידוש אין דעם ענין פון חכמה. זיין חכמה איז געווען אָהן אַ שיעור, אָהן אַן ערך, אַז עס איז אַזאַ ניט געהערט געוואָרען. דער רבי ז״ל איז אַלע זיינע יאָהרען ניט געשטאַנען אויף איין מדרגה, נאָר אַלע טאָג, אַלע שעה איז ער געגאַנגען ממדרגה למדרגה. דערום איז זיין חכמה געווען זעהר גרויס און זעהר טיעף, אַז עס איז גאָר ניט צו געפינען אַזאַ חכמה.

---

*) דער אינהאַלט פון דעם דאָזיגען פּאַראַגראַף איז זעהר פאַרפּלאָנטערט אין העברעאישן און אין דער אידישער איבער־זעצונג.

ג.

# פון סטאַמבול קיין חיפה

**די נאַפּאַלעאָנישע מלחמות. — דער פראַנצויז פאָהרט אויפן ים. — די אידישע קהלה פון סטאַמבול לאָזט קיינעם ניט פון די אידען דאָרטען ארויספאָהרען אויפן ים מחמת סכנה. — דער רבי זאָגט, ער וויל זיך מפקיר זיין צו פאָהרען אפילו אין גרויסע סכנות. — ער וויל געבען זיין מענשען געלט אויף הוצאות, ער זאָל אַהיים פאָהרען. — דער מענש זיינער ענטפערט איהם: „באשר תלך אלך". — מען איז מודיע פון הימעל אַ גרויסען חכם פון ירושלים, ער זאָל באַלד פאָהרען קיין ירושלים, וואָרים ער דאַרף אינגיכען פון דער וועלט אַוועקגעהן. — אויף דער שיף, אויף וועלכער ער זעצט זיך אויף פאָהרען קיין ארץ־ישראל, זעצען זיך נאָך פיעלע אַנ־דערע. — אַ גרויסער שטורם־ווינט אויפן ים. — די שיף געפינט זיך אין גרויס סכנה. — איין נאַכט איז ממש ווי יום כפור גע־וועז. — אַלע וויינען. — מען זאָגט סליחות. — דער צדיק אָבער זיצט און שוויגט. — דעם חאָטינערס וויב שטעהט צו צום רבין, אמאי ער שוויגט. — „הלואי וואָלט איהר אויך געשוויגען, וואָלט פאַר אייך געוועזן בעסער; פּרואווט איהר נאָר זיין שטיל, וועט דער ים אויך בלייבען שטיל". — זיי הערען אויף צו שרייען: צו טאָג צו ווערט אויך דער ים איינגעשטילט. — די סכנה פון דורשט אויפן שיף. — מען לאָזט דעם רבין פון שיף ניט אַראָפּגעהן, ווען זי קומט צוויי טעג פאַר ראש השנה קיין יפו. — די ישמעאלים זאָגען אויף איהם, אַז ער איז פון די מרגלים פון פראַנצויז. — די שיף שטעלט זיך אָפּ אויפן אָרט, וואו מען האָט דעם נביא יונה בן אמיתי אַריינגעוואָרפען אין ים אַריין. — זי קען דאָרטען ניט איינשטעהן: די אינגדען פון ים ווילען זי איבערקעהרען. — זי מוז פאָהרען ווייטער.**

און אין יענער צייט איז געווען די פראַנצויזישע מלחמה. דער פראַנצויז איז געגאַנגען דעמאָלט קיין טערקיי און קיין מצרים און קיין ארץ־ישראל, כידוע.

און אַז די מענשען פון סטאַמבול האָבען דערהערט פון דער מלחמה, אַז דער פראַנצויז געהט אויף דעם ים — האָט די קהלה קדושה פון סטאַמבול ניט געלאָזט קיין שום אידען ארויס פון דער שטאָדט צו פאָהרען אויף דעם ים.

און דער רבי ז״ל האָט דערויף גאָר ניט געקוקט און האָט זיך געוואָלט מפקיר זיין. ער האָט געזאָגט צו זיין מענטשען: „דו זאָלסט וויסען, אַז איך וועל זיך מפקיר זיין און פאָהרען אפילו אין גרויסע סכנות. דיין לעבען אָבער וויל איך ניט מפקיר זיין. דאַרום, אויב דו ווילסט, נעהם דיר געלד אויף הוצאות און פאָהר אהיים לשלום. איך וועל אַליין פאָהרען, די מענטשען אין סטאַמבול זאָלען ניט וויסען. וואָרים איך וויל זיך מפקיר זיין. זאָל זיין וואָס עס וויל זיך״.

האָט דער מענש ניט געוואָלט. ער האָט געזאָגט:

„באשר תלכו אלך — דאָרט וואו איהר וועט זיין, וועל איך אויך זיין. אם למות אם לחיים״.

און דער אויבערשטער, וואָס ער איז דאָך א מסבב הסיבות, האָט מיט זיין גרויס רחמנות געפיהרט, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען געהערט, אַז אין סטאַמבול זיצט אַ גרויסער חכם פון ירושלים, וואָס האָט געזאַמעלט געלד פאַר די אָרימע לייט פון דער הייליגער שטאָדט ירושלים. ער האָט געהאַט בדעה צו זאַמען זיך דאָרט נאָך אַ יאָהר, נאָר פּלוצלונג איז ער נתעורר געוואָרען און האָט געזאָגט צו די מענשען פון סטאַמבול: איהר זאָלט וויסען זיין, אַז מען האָט מיר מודיע געווען, אַז איך מוז באַלד פאָהרען קיין ירושלים. וואָרים איך זעה, אַז די טעג באַדאַרף איך נסתלק ווערען פון דער וועלט. עס איז שוין אויך אָנגעצייכענט געוואָרען, וואו מען זאָל מיך מקבר זיין אין ירושלים. און איהר זאָלט קיין מורא ניט האָבען פאַר דעם פראַנצויז און זאָלט זיך גאָר ניט זאָרגען וועגען די אידען, וואָס פאָהרען קיין ארץ־ישראל. וואָרים עס וועט זיי אודאי מיט גאָטס הילף קיין שום היזק ניט טרעפען. גאָט מיט זיין רחמנות וועט זיי היטען, ביז זיי וועלען קומען קיין ארץ־ישראל.

האָבען די מענשען פון סטאַמבול געפּאָלגט איהם באַלד און זיי זיינען געגאַנגען און האָבען געדונגען אַ גרויסע שיף און האָבען אויסגערופען: „ווער עס וויל געהן אויף דער שיף, זאָל ער געהן״.

זענען געגאַנגען אויף דער שיף פיעל מאַנסבילען און ווייבער און קינדער, הן פון די פרענקען און הן פון אשכנזים.

און דער רבי ז״ל איז אויך געפאָהרען אויף דער דאָזיגער שיף קיין ארץ־ישראל.

און דער רבי האָט גערעדט מיט דעם ירושלימער חכם, אַז ער זאָל איהם נעהמען קיין ירושלים. וואָרים ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל ניט זיין ניט אין צפת און ניט אין טבריא. האָבען זיי צווישען זיך אַזוי אָפּגערעדט.

---

און אַז זיי זיינען געגאַנגען אויף דעם ים איז געוועזען זעהר אַ גרויסער שטורם־ווינט. די שיף איז געוועזען אין אַ גרויסער סכנה, אַז קיינער האָט שוין גאָרניט גערעכענט ניצול ווערען פון טויט. האָבען זיי אַלע געשריען צו גאָט. און איין נאַכט איז ממש ווי יום־כפור געווען, וואָס אַלע וויינען און זענען זיך מתודה אויף זייערע זינד און בעטען אַ כפרה אויף זייער נפש. זיי האָבען געזאָגט דעמאָלט סליחות און אויך אַנדערע תפילות און תחנונים.

און דער רבי ז״ל איז געזעסען און געשוויגען.

האָבען איהם אָנגעהויבען זאָגען כמה מענשען, פאַרוואָס ער שווייגט אין אַזאַ עת צרה.

האָט ער זיי גאָרניט געענטפערט.

און צווישען די מענשען וואָס זיינען געפאָהרען, איז אויך געוועזען דעם חאַטינער רבס ווייב, וועלכע איז געוועזען אַ מלומדת. האָט זי געוויינט און געשריען אַ גאַנצע נאַכט

און האט אויך אנגעהויבען רעדען אזוי צום רבין, אמאי ער שווייגט.

האט ער איהר געשאלטען — דאכט זיך — און זיך אנגע־רופען צו איהר: „הלואי וואלט איהר אויך געשוויגען, וואלט פאר אייך בעסער געווען. אט פרואווט, אז איהר וועט זיין שטיל, וועט דער ים אויך בלייבען שטיל".

---

און כך הוה.

זיי האבען אויפגעהערט שרייען, האט זיך באלד, ווי עס האט אנגעהויבען טאגען, אויך דער ים איינגעשטילט.

---

אין א פאר טעג ארום איז די שיף געבליבען אהן וואסער צו טרינקען. ווארים דאס וואסער, וואס איז געווען אויפן שיף צום טרינקען האט זיך שוין אינגאנצען געהאט אויס־גענומען. נאר איין כלי האט זיך דארטען געפונען מיט קאליע געווארענע וואסער, וואס ווערים זיינען אין דעם ארומגע־קראכען. האט מען דאס דאזיגע וואסער צוטיילט צווישען די מענשען אויפן שיף, יעדען מיט א מאס, פאר יעדען מענשען אן אקע וואסער.

איז ביי זיי געווען די סכנה פון דורשט גרעסער פון אלע סכנות. האבען זיי מתפלל געווען פון טיפען הארצען אלע מאנסבילען און ווייבער און קינדער. דערנאך איז דערוועקט געווארען נאכאמאל א שטורם־ווינד און האט די שיף נאך צוויי מעת־לעת געבראכט צום פארט פון ירושלים, אין דער עיר הקדושה יפו.

האט דער רבי דעמאלט געוואלט אראפגעהן פון שיף צו פאהרען קיין ירושלים מיט דעם חכם הנ"ל צוזאמען. נאר עס איז געווען א סיבה פון גאט, אז די ישמעאלים האבען

איהם ניט געלאזט אראפגעהן. ווארים זיי האבען געזעהן אויף זיינע מלבושים און אויף זיין פנים, אז ער געהט אין לאנגע פאות, אזוי ווי דער מנהג איז ביי אונז אין דער מדינה, און ער קען ניט זייער לשון, האבען זיי געזאגט, אז ער איז אודאי פון די מרגלים פון דעם פראנצויז, און עס האט קיין שום זאך ניט געהאלפען. איז דער רבי ז״ל איבערגעבליבען אויף דער שיף. און דאס איז געווען צוויי טעג פאר ראש־השנה.

און דער קאפיטאן האט בדעה געהאט צו פאראנקערען זיך מיט דער שיף עטליכע טעג — זיך אפרוהען. נאר די שיף האט דארט ניט געקענט שטעהן מחמת די אינדען פון ים האבען געוואלט איבערקעהרען די שיף. עס האט קיין שום עצה ניט געהאלפען דערצו.

איז דאס געווען א גרויסער וואונדער ביים קאפיטאן און ער האט זיך נאכגעפרעגט, פארוואס וויל די שיף ניט איינשטעהן.

האבען איהם געזאגט די חכמים פון די ספרדים, אז ביי זיי איז א קבלה איש מפי איש, אז אויף דעם ארט האט מען אריינגעווארפען דעם נביא יונה בן אמיתי.

און די שיף האט אלץ ניט געקענט איינשטעהן יענע נאכט. האבען זיי געמוזט אוועקגעהן פון דארטען מיט דער שיף.

ד.

# אין חיפה

**אין דער נאַכט פון „זכור ברית“ איז די שיף אָנגעקומען קיין חיפה. — די גרויסע שמחה פון רבין, ווען ער באַטרעט דעם באָדען פון הייליגען לאַנד. — די גרויסע השגות, וואָס ער האָט באַלד משיג געווען. — ער געהט אין מקוה. — אַ גאַנצען טאָג איז ער זעהר פרעהליך. — ראש השנה נאָכן קומען פון שול איז דער רבי אריינגעפאַלען אין עצבות. — דער רבי בלייבט אין חיפה. — אַ יונגער ישמעאל קומט צום רבין אַלע אינדערפריה און אויפ־דערנאַכט און שמועסט צום רבין. — דער רבי פאַרשטעהט ניט, וואָס ער רעדט. — דער ישמעאל ווייזט ארויס גרויס ליעבשאַפט צום רבין. — איינמאָל אָבער קומט דער ישמעאל זעהר אין כעס צום רבין—מיט כלי זיין. — ער שרייט אויפן רבין. — ער וויל זיך מיט איהם פעכטען. — דער רבי באַהאַלט זיך בחדרי חדרים אין הויז פון רבי זאב. — דער ישמעאל קומט ווידער אויפן רבינס סטאַנציע. — ער זאָגט, דער רבי דאַרף פאַר איהם קיין מורא ניט האָבען. — דער רבי קומט צוריק. — ער זאָגט, אַז ער האָט מעהר יסורים פון ישמעאלס ליעבשאַפט, ווי פון זיין פיינדשאַפט. — דער ישמעאל איז דער סמ״ך מ״ם אַליין געווען. — חול המועד סוכות איז דער גאַנצער עולם צוזאַמען מיט דעם רבין געגאַנגען צו דער מערה פון אליהו הנביא. — דער רבי איז אין גרויס עצבות. — אויף שמחת תורה איז ער געווען אין עצבות גרויסער. — אין שוהל האָט ער ניט געוואָלט מאַכען קיין שום הקפה.**

אין דער נאַכט פון „זכור ברית“ איז די שיף אָנגעקומען אין דער עיר הקדושה חיפה. זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם הר הכרמל אַנטקעגען דער „מערת אליהו“. פאַרטאָג האָבען אַלע געזאָגט סליחות מיט גרויס שמחה. נאָכדעם האָבען זיי אָפּגעדאַוועגט שחרית און זיי זענען אריינגעגאַנ־גען אין דער הייליגער שטאָדט חיפה.

דעמאָלט איז דער רבי הקדוש ז״ל אריינגעקומען אין הייליגען לאַנד. ער איז דעמאָלט אַריינגעקומען אין דעם אָרט, צו וועלכען ער האָט געגלוסט און געגאַרט מיט גרויס

גלוסטונג און שטארקע בענקשאפט און האט זיך וועגען דעם טויזענטער מאל מוסר נפש געווען.

און די גרויסע שמחה וואס דער רבי ז״ל האט געהאט אין דער רגע, וואס ער איז אריינגעקומען קיין ארץ־ישראל און האט זיך אנידערגעשטעלט אויף דער הייליגער ערד, קען מען זיך גאר אין מח ניט משער זיין. ווען אלע טייכען זאלען זיין טינט, וואלט אלץ ניט געווען גענוג צו באשרייבען אפילו א ביסעל דערפון. ווארים תיכף ומיד האט דער רבי משיג געווען די אלע השגות, וואס ער האט דארט משיג געווען. ווארים דער רבי ז״ל האט געזאגט, אז תיכף ווי ער איז געגאנגען פיער איילען אין ארץ־ישראל האט ער באלד געפועלט, וואס ער האט געוואלט משיג זיין.

נאך האלבען טאג זיינען זיי געגאנגען אין מקוה. דער־נאך זיינען זיי געגאנגען אין שול אריין און האבען זיך גע־זאמט דארטען ביז אין אבענד.

און אז דער רבי ז״ל איז געקומען אויף זיין סטאנציע איז ער געווען פרעהליך גאר אהן א שיעור. אלע רגע האט ער געזאגט צו זיין מענשען: „אז וואויל איז דיר, וואס דו האסט זוכה געווען דערצו, דו זאלסט זיין מיט מיר דא״.

און ער האט איהם געהייסען דערמאנען די אלע נעמען, וואס זענען פארצייכענט אויף זיין צעטעל. ווארים אלע זיינע מקורבים האבען איהם געגעבען א צעטעל פון זייערע נעמען.

האבען זיי אפגעגעסען אויף דער סטאנציע די נאכט־סעודה פון ראש־השנה. און אלעם האט דער רבי ז״ל דע־מאלט מיט גרויס שמחה געטאן ביז נאך דער סעודה. נאכ־דעם האבען זיי זיך געלעגט שלאפען. אין דער פריה זיינען זיי געגאנגען אין שול אריין. אז זיי זיינען געקומען פון שול איז נתעורר געווארען פיעל דאגה ביים רבין. זיין הארץ

איז איהם אַהן אַ שיעור צובראָכען געוואָרען און ער האָט מיט קיינעם ניט גערעדט.

תיכף נאָך ראש השנה האָט זיך דער רבי ז״ל געוואָלט אומקעהרען אַהיים. ער האָט אין ערגעץ ניט געוואָלט פאָהרען, ניט קיין צפת, ניט קיין טבריא. נאָר דער מענש, וואָס איז געוועזען מיט איהם, האָט זעהר געוואָלט אָנזעטיגען זיינע אויגען מיט די ערטער פון ארץ־ישראל. איז ער געקומען צום רבין און האָט איהם געזאָגט, אַז עס איז דאָ אַ שיירא, וואָס מען קען מיט זיי פאָהרען קיין טבריא.

האָט איהם דער רבי געענטפערט: „אַז דו האָסט חשק צו פאָהרען קיין טבריא, געה דינג עזלען״.

האָט ער אַזוי געטאָן. ער האָט זיי — די לייט פון די עזלען — שוין אויך אַן אדרוף געגעבען.

אַז ער האָט זיך אומגעקעהרט פון דעם בעל החמורים, האָט ער צו איהם תיכף געזאָגט: „האָסטו געדונגען עזלען?״

האָט ער געענטפערט: „יאָ״.

האָט צו איהם דער רבי געזאָגט: „תיכף ומיד זאָלסטו געהן און אָפּנעהמען ביי זיי דעם אדרוף. און אַז זיי וועלען איהם דיר ניט וועלען אומקעהרען, זאָלסטו דעם אדרוף לאָזען פאַרפאַלען ווערען. וואָרים איך וועל ניט פאָהרען קיין טבריא״.

אין צוויי אָדער דריי שעה אַרום איז דעם רבינס מענש שטאַרק קראַנק געוואָרען, און ער האָט געדאַנקט גאָט, וואָס דער רבי האָט איהם ניט געלאָזט געהן מיט דער שיירא.

נאָר באַלד ווי די ארץ־ישראל אידען, וואָס האָבען זיך געפונען אין צפת און אין טבריא, האָבען געהערט, אַז דער רבי ז״ל איז אין חיפה, האָבען די גדולים וצדיקים פון דאָרט געשיקט מענשען בעטען דעם רבין, ער זאָל פאָהרען צו זיי. פון טבריא זיינען געקומען מענשען צו איהם אויף יום־כפור. זיי האָבען איהם געבראַכט בריעף פון די גדולי הצדיקים,

אז אלע בעטען זיי איהם, ער זאל קומען קיין טבריא אויף סכות.

דער רבי האט זיך אבער גארניט געדרעכענט דערמיט. ער האט געהייסען זיין מענשען מען זאל קויפען אתרוגים.

איז ער געגאנגען צום חכם, וואס האט געוואוינט דארטען און האט איהם געגעבען צוואנציג „פאראס״. איז געגאנגען דער חכם אויפן פעלד פון א ישמעאלי, און האט איהם געבראכט דריי שעהנע אתרוגים מובחרים.

---

און בתוך כך, וואס דער רבי ז״ל איז געזעסען אין חיפה, איז געקומען א יונגער ישמעאל און האט זיך געזעצט נעבען רבין און געשמועסט מיט איהם א סך. דער רבי האט אבער ניט געוואוסט, וואס ער רעדט צו איהם.

און אזוי איז געווען אין דער פריה און אויף דער נאכט, ביי יעדער סעודה דעמאלט.

און דער ישמעאל האט ארויסגעוויזען צום רבין א גרויס ליעבשאפט. נאר איינמאל איז ער געקומען זעהר אין כעס מיט כלי־זיין און האט אנגעהויבען שרייען אויף דעם רבין. האט דער רבי ז״ל ניט געוואוסט, וואס ער רעדט. נאר דארט איז געווען אן אשה פון וואלאחיין. האט זי געזאגט צום רבין, ווען דער ישמעאל איז פון דארט אוועקגעגאנגען: למען השם ער זאל פון דארט אנטלויפען, ווארים דער ישמעאל האט געזאגט, ער וועט מיט איהם מלחמה האלטען, שקורין פעכטען.

איז דער רבי תיכף פון דארט אנטלאפען לבית החסיד המפורסם מו״ה זאב מטשארנע אוסטרא הנ״ל, און מען האט איהם באהאלטען דארטען בחדרי חדרים.

דערנאך איז דער ישמעאל געקומען אויף דעם רבינס סטאנציע. ער האט געפרעגט: „וואו איז דער מענש? ער

זאל וויסען, אז איך האב איהם זעהר ליעב. איך וועל איהם געבען מיינע עזלען און אויך מיין פערד וועל איך איהם געבען, ער זאל געהן מיט דער שיירא קיין טבריא. ער האט זיך פאר מיר גאר ניט וואס צו שרעקען".

און כך הוה.

אז דער רבי איז געקומען אויף דער סטאנציע, איז דער ישמעאל געקומען.

און ער האט ניט גערעדט דער ישמעאל, נאר ער האט געשוויגען און געלאכט.

דערנאך האט ער ארויסגעוויזען זעהר א גרויס ליעב־שאפט צום רבין.

---

און דער ענין פון ישמעאל איז געווען זעהר א גרויסער וואונדער; און דער רבי האט געזאגט, אז ער האט געהאט מעהר יסורים פון דעם ישמעאלס ליעבשאפט ווי פון זיין פיינדשאפט און כעס. און ווערליג מען האט געהערט פון דעם רבין איז ער דורך דער דאזיגער געשיכטע, וואס ער האט צו־טאן געהאט מיט דעם ישמעאל, געווען אין א גרויסער סכנה. דאכט זיך, אז מען האט געהערט פון דעם רבין, אז דער ישמעאל איז געווען דער סמ"ך מ"ם אליין. אבער ברוך השם, ער איז פון איהם דורך דעם גרויסען חסד זיינעם ניצול גע־ווארען בשלום.

---

חול המועד סוכות איז געגאנגען דער גאנצער עולם, און אויך דער רבי איז געגאנגען מיט זיי, צו דער מערה פון אליהו הנביא.

און דער גאנצער עולם האט זיך דארטען זעהר משמח געווען און געטאנצט א סך. אבער דער רבי ז"ל איז גאר

ניט געווען פרעהליך, נאָר ער איז געזעסען דאָרטען מיט גרויס הכנעה און מיט אַ צובראָכען האַרץ.

האָט רבי זאב געפרעגט זיין מענשען: „מה זה ועל מה זה? וואָס איז די מעשה, וואָס דער רבי איז אין עצבות פון ראש השנה ביז איצט? גאָט ווייסט וואָס דאָס קען זיין״.

און אויך שמחת תורה האָבען זיי געמאַכט הקפות ברקודין ושמחה כנהוג. בפרט אַז חסידים זענען דאָרט געווען.

און אויך דער רבי איז דאָרט געווען אין שוהל. ער האָט אָבער ניט געוואָלט מאַכען קיין שום הקפה. נאָר ער איז געזעסען דאָרט בהכנעה און מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ, אַזוי ווי זיין שטייגער איז געווען על־פּי־רוב, אַז איי־דער ער האָט זוכה געווען צו פּועל זיין, וואָס ער האָט גע־וואָלט בכל עת ובכל שעה, האָט ער פריהער געהאַט זעהר אַ צובראָכען האַרץ.

ה.

# אין טבריא

**רבי נחמן פאָהרט מיט זיין מענשען קיין טבריא. — זיי קומען אָן אַהין אין אָוועגד. — אַ גאַנצע נאַכט קומען אין זיין אכסניא די מענשען פון טבריא איהם מקבל פנים זיין. — דער רבי געהט באַזוכען דעם קאַליסקער. — דער קאַליסקער ווייזט איהם גרויס ליעבשאַפט אַרויס. — דער רבי האַלט שבת פרשת נח ביים קאַליס־** קער פרייטאג צו נאַכט בויגט אָן דער רבי זיין קאָפּ, דער קאַ־ליסקער זאָל איהם בענטשען. — דער קאַליסקער שפּרינגט אָפּ די אמות אויף צוריק מיט גרויס ציטערניש. — מען הערט, ווי ער זאָגט: „ווי אַזוי שעמען מיר זיך ניט פאַר די קינדער פון בעל שם טוב ז"ל". — די מעשה מיטן מסור. — דער רבי מאַכט מיט דער חכמה זיינער, אַז דער מסור זאָל ליגען ביי איהם אונטער די פיס. — אין טבריא באַזוכט דער רבי דעם קבר פון זיין זיידען רבי נחמן האָראָדענקער. — נאָכדעם זענען זיי געגאנגען צו די אַלע מערות, וואָס געפינען זיך אין טבריא. — דער רבי איז זעהר פרעהליך. — אויף מאָרגען זענען זיי געגאַנגען צו דער מערת הלל. — נאָכדעם זענען זיי געגאַנגען צום קבר פון שמאי. — ביים קבר פון שמאי איז איהם באַפאַלען אַ גרויס טרויערקייט. — דער רבי איז געווען דער ערשטער, וואָס איז אַריינגעגאַנגען אין דער מערה פון ינוקא. — מען האָט געזאָגט, אַז אינווענינג געפינט זיך אַ שלאַנג, וואָס היט דעם אַריינגאַנג. — איינער פון די גדולים אין טבריא בעט איהם, ער זאָל איהם מגלה זיין „איזה חדוש מחדושיו הנחמדים" אין דער תורה. — דער רבי הויבט איהם אָן מגלה זיין דעם סוד פון כוונות התפלין. — עס הויבט איהם באַלד אָן געהן בלוט פון האַלז. — איהר זעהט, זאָגט דער רבי צום גדול, אַז מען איז ניט מסכים מן השמים, איך זאָל אייך מגלה זיין מיינע רייד. — דער רבי קומט דאָרטען אין התקשרות של שדוך מיט הרב רבי משה בן הרב רבי מנחם מענדל וויטעבסקער. — דער הרב רבי משה מאַכט אַ סעודה. — מען רעדט ביים טיש דברי תורה. — אַלע מסובים דערזעהען באַלד די גוואַלדיגע גרויסקייט פון רבין אין תורה. — עס ברעכט אויס אַ מגפה אין טבריא. — דער רבי אַנטלויפט פון דאָרט. — ער ווערט ניצול דורך אַ נס פון אַראָפּפאַלען פון דער חומה פון שטאָדט אין ים אַריין.

נאָך שמחת תורה האָט דער רבי ז"ל געזאָגט צו זיין מענשען:

— איך האב ברוך השם געפועלט וואס איך האב גע־וואלט אויפן בעסטען אופן. פונדעסטוועגען האב איך געהאט ברעה צו פארזאמען זיך נאך מחמת חיבוב ארץ־ישראל, נאר אצינד איז מיין רצון צו פאהרען א היים קיין חוץ לארץ. דארום געה דינג א שיף קיין סטאמבול.

און דער מענש זיינער האט זיך ניט געוואלט צוהערען צו פאהרען אהיים. ער האט געזאגט, אז ער וויל זיין אין טבריא.

האט איהם דער רבי ז״ל געענטפערט:

— אז דו גלוסט צו זיין אין טבריא, געה דינג עולען אהין.

ווארים זיין שטיינער איז געווען זיך ניט צו שפארען קיין סך איבער קיין שום זאך.

האט ער געדונגען עולען, און זיי האבען זיך געלאזט לעיר הקדושה טבריא. זיינען זיי אנגעקומען אהין אבענד צו.

און א גאנצע נאכט זענען געגאנגען די מענשען פון טבריא איהם מקבל פנים זיין. דער איז ארויסגעגאנגען און דער איז אריינגעגאנגען.

און א סך האבען זיך פון זיין כבוד וועגען אויך אנגעטאן בגדי שבת.

איז ער צוליעב די געסט א גאנצע נאכט ניט געשלאפען.

---

און תחילת איז ער איינגעשטאנען בבית ש״ב, ניו ונכד של הרב הקדוש מו״ה נחמן מהארארענקא ז״ל. נאר פיעלע האבען געזאגט, אז מען דארף זוכען פון זיינעטוועגען א גרויסע שטוב, אז ער זאל קענען האבען הרחבת הדעת, האבען זיי מסכים געווען אלע, אז ער זאל איינשטעהן בבית הרבני המפורסם, הותיק החסיד מו״ה צבי הארקער *).

---

*) דער דאזיגער רבי צבי הארקער האט פיגורירט שפעטער מיט עטליכע יאהר אין דער מחלוקת, וואס איז פארגעקומען צווי־

שען קאַליסקער און „רבֿ״. אין אַ בריעף פון ר׳ לוי יצחק בער־דיטשעווער צום קאַליסקער — אַן ענטפער אויף אַ בריעף פון לעצ־טען צו איהם — שרייבט ער פאָלגענדעס וועגען איהם: „ומאד הוא למותר אשר הוא מפליג בשבחים לומר עליהם „מופלגים ויראים אנשי אמת״. כי לא ראיתי מעולם אַנשי אמת כהם ויראים ומופלגים כהם, ואיך יוכל לכתוב שהם אנשי אמת, הלא כמה שקרים אָמר לפני צבי המר *).

דער דאָזיגער אויסצוג באַציהט זיך דערויף, וואָס דער קאַ־ליסקער האָט אין זיין בריעף צום בערדיטשעווער רבֿ באַשולדיגט דעם רבֿ אין ניט ריכטיגען באַגעהן זיך מיט די געלדער, וואָס זענען אונטער זיין השגחה געזאַמעלט געוואָרען פאַר ארץ־ישראל. ער שטיצט זיך אין די דאָזיגע באַשולדיגונגען אויף די רייד פון די שד״ר, וואָס ער האָט געשיקט קיין רוסלאנד, זיי זאָלען אַרויס־נעהמען דעם ענין פון געלט זאַמלען פאַר ארץ־ישראל פון רבס הענט. אויך שטעלט ער אַלס „תניא דמסעייא״ פאַר זיך אַרויס רבי צבי האַרקער, וועגען וועלכען ער האָט אַ באַגייסטערטע מיינונג געהאַט. אין אַ בריעף וועגען איהם אין יאָהר תק״ן שרייבט ער וועגען איהם: „שלוחנו, ידיד עליון ויראיו, רחימי דנפשאי, המופלג בתורה ויראה, הותיק מו״ה צבי הירש האַרקער״.

טיטולירענדיג די אַלע עדות זיינע מיט גרויסע שבחים, זוכט ער דורך דעם צו באַאיינפלוסען דעם באַרדיטשעווער, ער זאָל זיין צד נעהמען אין דער מחלוקת זיינער מיטן „תניא״. דאָס, הייסט עס, וואָס אַזוינע גרויסע צדיקים, וואָס אַזוינע אַנשי אמת באַ־

---

*) רבי צבי הארקער. זעה „הרב מלאדי״ פון מרדכי טייטל־בוים, אין איינע פון די הערות צום קאַפּיטעל „קרובים נעשו רחוקים״ — וואָס ער ברענגט דאָרטען אין נאָמען פון צבי הירש יפה וועגען דער באַדייטונג פון וואָרט „תמר״.

איז ער אהין געגאנגען.

האָט געשיקט צו איהם הרב הקדוש המפורסם מו״ה אברהם קאַליסקער ז״ל, באשר אַז ביי איהם איז היינט יום הקזה, דערום איז ניט מעגליך, אַז ער זאָל איהם געהן אָפּ־געבען שלום.

האָט דער רבי ז״ל איהם געענטפערט, אַז ער האָט אהן דעם שוין אַליין גערעכענט צו געהן צו איהם, און איז באַלד געגאנגען להצדיק הנ״ל.

האָט ער איהם מקבל געווען מיט גרויס כבוד און מיט גרויס ליעבשאַפט. דאָס גרויסע ליעבשאַפט, וואָס הרב הקדוש מו״ה אברהם ז״ל האָט געהאַט צום רבין, קען מען גאָר ניט באַשרייבען.

---

רעכטיגען זיינע אַרויסטרעטונגען געגען רב, איז אַ סימן, אַז ער איז, ווירקליך גערעכט.

ביי דעם בערדיטשעווער אָבער איז דאָס גאָר אַ קליינער סימן געווען. ער איז גאָר ווייניג נתפּעל געוואָרען פון די שבחים, מיט וועלכע דער קאַליסקער האָט די „תניא דמסייעאָס" זיינע באַ־שאָטען. ער האָט ניט געוואָלט קיין לשון הרע מקבל זיין אויפן „רב". ער ענטפערט איהם — מיר איבערזעצען דאָ די פריהער געבראַכטע ציטאַטע — אַז עס איז זעהר איבעריג, וואָס ער איז אַזוי מפליג בשבחם, צו זאָגען אויף זיי, אַז „זיי זענען מופלגים און יראים און אַנשי אמת". ער זאָגט, אַז „דעם ערשטען מאָל זעהט ער עס אַזוינע אנשי אמת, אַזוינע יראים און מופלגים". ער פרעגט איהם, ווי אַזוי קען ער זאָגען אויף זיי, אַז זיי זענען אַנשי אמת, אַז דער צבי, וועמען ער לויבט אַזוי „האָט דאָך כמה שקרים געזאָגט פאַר מיר". „אויב ער איז אַ מופלג — אי־ראָניזירט דער בערדיטשעווער — ווייס איך ניט, ווער עס איז שוין אַן עם הארץ".

און ער האט געבעטען דעם רבין, אז ער זאל ביי איהם איינשטעהן כסדר. האט איהם דער רבי געענטפערט, אז דאס איז ניט מעגליך, אז ער זאל ביי איהם איינשטעהן כסדר, נאר אויף איין שבת וועט ער ביי איהם זיין.

דעם אנדערן טאג האט רבי אברהם ז״ל געשיקט נאך דעם רבין ז״ל און האט איהם אלס זיין גאסט גענומען אויף דעם ערשטען שבת פרשת נח.

און פרייטאג צו נאכטס האט דער רבי ז״ל אנגעבויגען דעם קאפ, אז רבי אברהם זאל איהם בענטשען. איז דער קאליסקער ז״ל אפגעשפרונגען ד׳ אמות אויף צוריק מיט גרויס ציטערניש און האט גערעדט דעמאלט מיט גרויס התלהבות, אז מען האט גאר ניט געקענט פארשטעהן, וואס ער זאגט. נאר צום סוף פון זיינע רייד האט מען געהערט ווי ער האט געזאגט: „ווי אזוי שעהמען מיר זיך ניט פאר די קינדער פון דעם בעל־שם־טוב ז״ל״. דער קאליסקער ז״ל האט איהם ניט געוואלט בענטשען. נאר דעם רבינס מענשען האט ער געבענטשט באלד ווי ער האט אראפגעבויגען דעם קאפ.

און בשעת דער סעודה איז געווען דארטען גרויס שמחה.

און דער צדיק הנ״ל האט געבעטען דעם רבין ז״ל, אז ער זאל זאגען תורה.

דער רבי האט אבער בשום אופן ניט געוואלט.

האט דער צדיק הנ״ל אליין געזאגט תורה.

און אזוי איז אויך געווען שבת אין דער פריה און צום שלש סעודות.

און זיין תורה זאגען איז געווען מיט גרויס התלהבות און מיט גרויס געשריי. קיין דיבור האט מען ניט געהערט, נאר צום סוף האט ער אויסגעלאזט: „אט אזוי איז דער עיקר עבודת הבורא יתברך״.

און דער רבי ז״ל האָט זעהר געלויבט נאָר אהן אַז ערד זיין תורה, אַז עס איז כמעט ניטאָ זיין גלייכען. איך האָב אויך געהערט פון זיין הייליג מויל, אַז ער האָט מיר גע־זאָגט: „איך האָב דאָך געזעהן פיעל צדיקים, אָבער שלימות איז נאָר ביים צדיק הקדוש הנ״ל".

נאָך שבת, יום א׳, איז געקומען דער צדיק מו״ה אברהם צום רבין ז״ל אויף דער סטאַנציע. זיי האָבען ביידע גערעדט דאָרטען אַ שטיק צייט ביחידות.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דער רבי ז״ל קראַנק געוואָ־רען, האָט ער געשיקט אַ פּדיון צום צדיק הנ״ל.

און אַלע טאָג איז געגאַנגען דער צדיק דעם רבין מבקר חולה זיין.

---

נאָכדעם איז דאָרט געווען די באַוואוסטע מעשה פון דעם מסור, וואָס איז דאָרט געווען.

דער דאָזיגער מסור איז געקומען פון חוץ לארץ. דאָ אין ארץ־ישראל איז ער געוואָרען אַ מסור ביים פּאַשאַ און האָט פיעל שלעכטס געטאָן צו די מענשען פון טבריא. איינ־מאָל האָט ער די גרעסטע פון שטאָדט איינגעזעצט אין תפיסה און אַריינגעוואָרפען אין אַ גרוב אויף ניין וואָכען. נאָכדעם זענען די פרענקען געפאָהרען צום פּאַשאַ און האָבען איהם געגעבען אַ סך געלט, האָט מען זיי אַרויסגעלאָזט פון תפיסה. האָבען זיי געכאַפּט דעם מסור און האָבען איהם געוואָלט דערווערגען. האָט ער זיך געמאַכט גלייך ווי ער איז שוין אויסגעגאַנגען און געשטאָרבען.

האָבען זיי איהם אָפּגעלאָזט.

אַז זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען, האָט ער זיך אויפגעהויבען, און איז אַוועק צום פּאַשאַ און האָט זיי געמסרט. האָט איהם

דער פּאשא געגעבען רשות צו טאָן מיט די אַנשי טבריא, וואָס ער וויל, און האָט איהם אויך געמאַכט פאַר אַ פּקיד.

איז ער אַריינגעקומען אין שטאָדט אַריין מיט גרויס כבוד מיט אַנשי חיל ישמעאלים.

איז די גאַנצע שטאָדט אַנטלאָפען פאַר איהם. עס זע־נען נאָר איבערגעבליבען ווייבער און קינדער. גרויסע גע־ווײנען זענען דעמאָלט געווען אין יעדער איינציגער שטוב פון שטאָדט.

און דער רבי ז״ל האָט אויך געוואָלט אַנטלויפען. נאָר מחמת ער איז געווען שלאָף, האָט ער ניט געקענט. ער האָט שוין אפילו געהאט אָנגעהויבען אַרויסצוגעהן פון שטאָדט, נאָר נאָכדעם האָט ער זיך באַלד אומגעקעהרט. דאָס אַלץ איז פון גאָט געווען, וואָרים דורך דעם רבין האָבען זיך אַלע אומגע־קעהרט אין שטאָדט.

וואָרים דער מסור איז געלעגען ביים רבין אונטער די פיס. ער איז געגאַנגען צום רבין און האָט זיך זעהר מכניע געווען. עס איז זעהר אַ סך צו באַשרייבען פאַרהאַן, ווי אַזוי דער רבי ז״ל האָט זיך נוהג געווען מיט דעם מסור, וואָרים דער רבי ז״ל האָט זיך מיט גרויס חכמה נוהג געווען מיט דעם מסור, ביז ער — דער מסור — האָט פאַר איהם גרויס התבטלות געקראָגען.

---

און דער רבי ז״ל האָט געזאָגט זיין מענשען, ער זאָל אויסרופען, אַז די אַלע וואָס זענען אַנטלאָפען געוואָרען, זאָ־לען זיך אומקעהרען אין שטאָדט.

---

און מיט דעם מסור האָט ער גערעדט מיט גרויס חכמה און האָט איהם געזאָגט, אַז עס פּאַסט פאַר אַ פּקיד, ער זאָל

מתפלל זיין אויף צרות ישראל, אז ער זאל זיין א חסיד און אן עניו. ווארים דער מסור איז געווען א צבוע. ער האט זיך געמאכט פאר א חסיד און האט אנגעהויבען צו רעדען מיט דעם רבין ז״ל חסידות. דער רבי ז״ל האט זיך געמאכט כלא ידע, אזוי, אז דעם מסור האט זיך אויסגע־וויזען, אז דער רבי האלט איהם פאר א חסיד.

נאכדעם האט דער רבי ז״ל אנגעהויבען איהם איינ־רעדען, אז ער זאל זיך איינגעוואוינען זאגען תהלים.

האט דער מסור אזוי געטאן.

דערנאך האט דער רבי ז״ל געזאגט צו איהם: „דער־מיט וועל איך וויסען, אז דו האסט ניט קיין גאוה, אז דו וועסט זאגען תהלים ביי מיר אין שטוב פאר די יונגע לייט מיט גרויס געוויין״.

און אזוי איז געווען.

ער האט אנגעהויבען צו זאגען תהלים מיט גרויס געוויין. זיינע טרערען האבען איהם גערונען איבער די באקען.

נאכדעם איז דער מסור שלאף געווארען.

פונדעסטוועגען זיינען געשטאנען שומרים ביי אלע טויערען, זיי זאלען אכטונג געבען, אויב עס קומען ניט קיין משולחים. ווארים דאס איז געווען זיין עיקר מסירה. ער האט געזאגט, אז עס קומט אן פון חוץ־לארץ פיעל געלד אהין. נאר גאט האט זיי געהאלפען, אז מען האט דעם מסור ניט אויסגעזאגט. זיי האבען געשיקט דעם רבינס מענשען קיין חיפה, און ער האט אפגענומען דאס געלד ביי די משולחים און געבראכט עס קיין טבריא. דער רבי האט זיי אוועקגעגעבען דאס געלד, און זיי האבען זיך צוטיילט.

---

און אז דער מסור איז געזונד געווארען, האט ער זיך באריהמט, אז ער וועט זיי טאן שלעכטס. זיין סוף איז אבער

געווען, אַז ער איז נאָך אַמאָל שלאַף געוואָרען און גע־שטאָרבען.

איז דער רבי ז״ל זעהר פרעהליך געווען, וואָס דורך איהם איז נתגלגל געוואָרען אַזאַ זכות. וואָרים דורך איהם האָבען זיי זיך אַלע אומגעקעהרט אין שטאָדט.

און אַלע אין שטאָדט האָבען זיך צוזאַמען מיטן רבין געפרעהט.

---

און דער רבי ז״ל איז געגאַנגען דאָרטען אויף זיין זיידענס קבר רבי נחמן ז״ל. זיי האָבען געדונגען עזלען און זיינען געפאָהרען צו אַלע מערות.

אַז זיי זענען געקומען צו דער מערה פון רבי שמעון בן יוחאי האָבען די יונגע לייט עוסק געווען אין תפלה און האָבען געלערענט „זוהר" אַזוי ווי דער רבי ז״ל האָט זיי אָנגעזאָגט. נאָר פון איהם האָט מען קיין שום זאַך ניט גע־זעהן. ער איז אָבער געווען זעהר פרעהליך. ער איז אַלע מאָל צוגעגאַנגען צו זיין מענשען און האָט צו איהם געזאָגט: „אַז וואויל איז דיר, וואָס דו האָסט זוכה געווען דערצו".

און אויף דער נאַכט איז ער געגאַנגען פון איין חדר אין אַנדערן און האָט אָנגעזאָגט צו זאָגען „זוהר" וכיוצא. ער אַליין האָט אָבער אויך איצט גאָר ניט געזאָגט. ער איז נאָר אַרומגעגאַנגען און האָט געזונגען א נגון און איז געווען כסדר פרעהליך ביז אין טאָג אַריין.

אַז עס איז טאָג געוואָרען האָט ער זיך געשטעלט דאַווענען מיט טלית ותפילין און האָט געדאַווענט כמה שעות.

פון דאָרט זיינען זיי געפאָהרען צו מערת הלל.

דאָרט האָט דער רבי ז״ל געזאָגט דאָס קאַפּיטעל ל״ג און ל״ד פון „תהלים" און איז אויך דאָרטען געווען זעהר פרעהליך.

פון דאָרט זיינען זיי געגאַנגען צום קבר פון שמאי.

ביים קבר פון שמאי איז איהם באַפאַלען א גרויס טרויעריגקייט. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס איז איהם אַ גרויס וואונדער. נאָכדעם האָט ער געזאָגט, אַז עס איז דאָרויף דאָ אַ תירוץ, ער האָט אָבער דעם תירוץ ניט געזאָגט *). פון דאָרט זיינען זיי געפאָהרען צו די איבעריגע מערות, ביז זיי זיינען צוגעקומען צום שפּיץ באַרג. פון דאָרט האָט מען געזעהן די מערה פון דעם תנא רבי כרוספדאי. נאָר עס איז ניט געווען מעגליך צו געהן אהין מיט דעם עזעל. איז דער רבי ז"ל אַראָפּגעשפּרונגען פון דעם עזעל און איז געגאַנגען מיט זיינע מענשען צופוס. ער איז געגאַנגען, כמעט, אויף זיינע הענד און פיס ביז זיי זיינען צוגעקומען צו דער מערה פון רבי כרוספדאי. דאָרטען האָבען זיי זיך אַביסעל פאַרזאַמט. פון דאָרט האָבען זיי זיך צוריקגעקערט צו אַן אַנדער מערה, צו דער מערה פון „ינוקא" **), אויף וועלכער עס האָט זיך אַ גרויסער בוים געפונען.

---

*) קפדנותו של שמאי הביאה, אולי, את עצבותו של רבי נחמן.

**) ינוקא — קינד. אין אונזערע אַלטע היסטאָרישע ליטעראַטור־קוועלען ווערען פיעלע געשיכטען דערצעהלט וועגען וואונדער־קינדער, וואָס זיינען טהורים וקדושים און בעלי תורה און בעלי סוד מופלגים געווען, ווען זיי האָבען זיך נאָך אין זייערע קינדער־יאָהרען געפונען. באַזונדערס איז באַריהמט דער ינוקא פון „זוהר", וועמען עס ווערט דאָרטען אַ באַדייטענדער טייל געווידמעט. פיעלע, פיעלע עמודים און דפים זיינע זיינען פאַרנומען מיט דעם דערצעהלען וועגען איהם פאַרשידענע וואונדער־געשיכטען און מיט דעם איבערגעבען די פיעלע קבלה־תורות זיינע.

און אין דער דאזיגער מערה האט מען מורא געהאט אריינצוגעהן, ווארים מען האט געזאגט, אז אינווענינ געפינט זיך א שלאנג צו היטען דעם אריינגאנג. דער רבי ז״ל איז געווען דער ערשטער, וואס איז אריינגעגאנגען אין דער דאזגער מערה. האט ער געזעהן, אז עס געפינט זיך דארטען ניט קיין שלאנג. זענען שוין פון דעמאלט אן אלע געגאנגען אין דער מערה.

נאכדעם זיינען זיי געגאנגען צו די איבעריגע מערות, ביז זיי זיינען געקומען קיין טבריא. האט דער רבי ז״ל געזאגט זיין מענשען, ער זאל פאהרען קיין חיפה דינגען א שיף קיין חוץ לארץ.

אז ער איז געקומען קיין חיפה, איז געקומען א שיף מיט הרב הגאון החסיד המפורסם דק״ק שעפיטאווקע. אויך שד״ר זענען געפאהרען מיט יענער שיף.

און דעמאלט איז געווען די מעשה, וואס זיי האבען מורא געהאט צו נעהמען דאס געלד מחמת דעם מסור. זיי האבען געמוזט איבערגעבען דאס געלד דעם רבינס מענש. דערוויל האט ער זיך געמוזט אומקעהרען קיין טבריא מיט דעם געלד. אז ער איז געקומען קיין טבריא, האט דער רבי ז״ל געזאגט, אז מן הסתם איז דער רצון פון השם יתברך, אז מיר זאלען נאך זיין אין ארץ־ישראל א שטיקעל צייט.

און דער רבי ז״ל האט געזאגט, אז מען זאל דינגען עזלען צו פאהרען קיין ירושלים העיר הקדושה. אז דער קאליסקער צדיק האט דאס אבער דערהערט, האט ער געבעטען דעם רבין, ער זאל ניט פאהרען.

און אז דער שעפיטאווקער צדיק איז געקומען קיין טבריא, האט ער געמאכט א גרויסע סעודה פון דעם רבינס וועגען. ער האט ארויסגעוויזען זעהר גרוים ליעבשאפט צום רבין. זיי האבען פיעל צייט גערעדט ביחידות, און קיין שום מענש האט ניט געהערט, וואס זיי האבען גערעדט.

און דער רבי ז״ל האָט געמאַכט שלום דעמאָלט צווישן הרב הקדוש דשעפּיטאָווקע און הרב הקדוש הקאַליסקער.

---

און ווען דער רבי איז געווען אין טבריא *) האָט דאָרטן אויך די פאָלגענדע געשיכטע געטראָפן:

איינמאָל איז געקומען צו איהם איינער פון די גדולים, וועלכער איז געווען זעהר אַנגעזעהן אין ארץ־ישראל און אין חוץ לארץ. מען האָט איהם געלויבט, אַז ער איז בקי אין גאַנץ ש״ס בעל פה, כמעט, און אַז ער איז אַ מקובל אַ גרויסער.

און אַז ער איז אַריינגעקומען צום רבין, האָט ער ז״ל געהייסען, אַז די אַלע מענשען זאָלען אַרויסגעהן. עס איז דאָרטען קיינער ניט געבליבען, ווען זיי האָבען זיך נאָכדעם דערקענט איינער צום אַנדערן. נאָר דער מענש הנ״ל, וואָס איז געפאָהרען מיט דעם רבין, איז איבערגעבליבען דאָרטען.

האָט איהם געבעטען דער גדול הנ״ל און געזאָגט צום רבין בזה הלשון:

— מיר ווייסען, אַז כבוד תורתו איז ניט געקומען קיין ארץ־ישראל, ווי דער איבעריגער המון מיט „מוחין דקטנות״, דהיינו, כדי צוגעהן דל״ד אמות אין ארץ־ישראל, ער זאָל ווע־רען דורכדעם אַ בן עולם הבא, אָדער אַנדערע אַזוינע מחשבות, ווי דער שטייגער איז פון פּראָסטע מענשען. נאָר אודאי איז געקומען כבוד תורתו אַהער מיט „מוחין דגדלות״, פּועל צו זיין אַ גרויסע השגה אין דער עבודה פון בורא יתברך. דע־

---

*) פון דאַנען ביז גאָר וויטער ביי דער שטעלע וואו עס רעדט זיך וועגען דבר, וואָס האָט אויסגעבראָכען אין טבריא, איז פון העברעאישען אָריגינאַל. דאָס אַלעס קומט דאָרטען גאָר צום סוף, נאָך דעם גאַנצען ספור המעשה.

ריבער איז דער רצון אונזערער צו וויסען, אין וואָס פאַר
אַ נקודה פון די ארץ־ישראל נקודות איז כבוד תורתו אַריינ־
געקומען און וואָס וויל ער פועל זיין אין עבודת השם. איך
בין גרייט צו דיענען איהם מיט דעם גוף מיינעם און מיט
דעם נפש, רוח און נשמה מיינעם.

און דער רבי ז״ל האָט איהם געענטפערט:

— מיין ליעבער פריינד, איהר זאָלט מיך ניט מצער
זיין מיט דעם דאָזיגען ענין. וואָרים עס איז ניט קיין
גרינגע זאַך, צו מגלה זיין אייך, צו וואָס איך בין אַהער
געקומען, אין וואָס די עבודת הבורא, וואָס איך וויל דאָ
משיג זיין, באַשטעהט. און אפשר בין איך גאָר מיט אַ שבועה
געבונדען, איך זאָל ניט מגלה זיין דאָס אַלעס.

און הרב הגדול הנ״ל האָט ווידער אָנגעהויבען שטאַרק
צושטעהן צו איהם. ער האָט געזאָגט:

— אונזער פאַרלאַנג און געבעט איז, אַז על כל פנים
זאָל אונז דער רבי מגלה זיין „איזה חידוש מחידושיו
הנחמדים והנעימים״, וואָס גאָט האָט איהם מזכה געווען מיט
זיי. זייט אויך אונז מזכה מיט אייער תורה. לאָזט אונז הנאה
האָבען פון אייניגע חידושי תורה אייערע. אין אונזערע
כוונות איז חס ושלום קיין שום פניה ניט פאַרהאַן. אונזער
כוונה איז נאָר צוהערען חידושי תורה פון זיין הייליג מויל,
אפשר וועט זיך דערוועקען אונזער האַרץ פון סניי צו זיין
עבודה יתברך. אפשר וועלען מיר אויך זוכה זיין צו פאַר־
שטעהן עפעס אַ רמז פון דער נקודה הנ״ל.

האָט דער רבי ז״ל אָנגעהויבען באַלד אין התלהבות
אַריינפאַלען. אַ הייליג, געטליך פייער האָט אין איהם גע־
ברענט, און זיין פנים האָט זיך אָנגעצונדען און ממש ווי
פייער געברענט.

און מחמת גרויס התלהבות האָבען זיך איהם די האָר פון קאָפּ אויפגעשטעלט און ער האָט די היטעל פון קאָפּ אַראָפּגעוואָרפען.

און ער האָט בלשון זה אָנגעהויבען רעדען:

— ווייסט איהר דעם סוד פון כוונות התפילין?

האָט איהם דער הנ״ל געענטפערט אייניגע כוונות.

האָט ער צו איהם געזאָגט:

— ניין. ניט דאָס איז דער וועג פון כוונות התפילין. און היות איהר ווייסט ניט דעם סוד פון כוונות התפילין, ווייסט איהר ניט דעם סוד פון די פיער זייטען פון ארץ־ישראל.

און איצט וויל איך אייך מגלה זיין עפּעס א רמז פון דעם.

און באַלד ווי ער האָט אָנגעהויבען רעדען, האָט אָנגעהויבען געהן בלוט פון זיין האַלז.

האָט ער זיך אָנגערופען צום חכם הנ״ל:

— איצט זעהט איהר מיט אייערע אייגענע אויגען, אז מען איז ניט מסכים מן השמים, איך זאָל אייך מגלה זיין מיינע רייד.

און תיכף ווי החכם הנ״ל האָט דאָס געזעהן מיט זיינע אויגען, האָט ער געזעהן, אז דער רבי ז״ל איז גערעכט געווען, האָט ער איהם געבעטען זעהר, ער זאָל איהם מוחל זיין דאָס, וואָס ער האָט איהם אַזוי מטריח געווען און ער איז זעהר איבערגעשראָקען געווען.

און ער האָט ניט געוואָלט אָפּטרעטען פון דאָרטען, ביז רבנו ז״ל האָט איהם מוחל געווען.

און באַלד האָט זיך דאָרטען אויך געמאַכט, אַז אַלע זאָלען זעהן די גרויסקייט פון רבין ז״ל אין תורה *).

באַלד ווי ער איז געקומען אהין אין טבריא, האָט גע־שיקט צו איהם הרב החסיד המפורסם הגביר מו״ה משה ז״ל, בן הרב הקדוש המפורסם מו״ה מנחם מענדעל זצ״ל וויטעב־סקער, אַז ער וויל זיך מתחתן זיין מיט איהם.

און רבנו ז״ל האָט געענטפערט:

— ווי קען איך ממאַן זיין אין דעם שידוך, אַז מן הסתם איז מה׳ יצא הדבר, אַז מיין טאָכטער זאָל זיין אין הייליגען לאַנד.

און מעהר האָט ער גאָר ניט גערעדט.

איז באַלד געגאַנגען דער שדכן און געענטפערט דעם רב רבי משה הנ״ל, אַז רבנו ז״ל איז מרוצה.

האָט ער געמאַכט באַלד אַ גרויסע סעודה.

און אויף דער סעודה זיינען געווען די אַלע גדולים פון ארץ־ישראל, סיי פון מדינת ליטא און סיי פון מדינת פוילען. אַלע זענען זיי געווען. די גרעסערע און די קלענערע. זיי האָבען זיך אַלע זעהר שטאַרק משמח געווען.

און אין מיטען דער סעודה האָבען זיי גערעדט דברי תורה צווישען זיך.

און דער ראש המדברים איז געווען דער דאָזיגער גדול הנ״ל, וואָס האָט געוואָלט אַז רבנו ז״ל זאָל איהם מגלה זיין די נקודה.

און בתוך די רייד זייערע איז פאַרגעסען געוואָרען פון זיי עפּעס אַ רש״י, וואו זי געפינט זיך.

און זיי האָבען זיך זעהר שטאַרק געוואָלט דערמאָנען, וואו זי געפינט זיך. ווארים זיי האָבען זי געדאַרפט האָבען

---

*) דער פּאַראַגראַף איז מיינער — צו פאַרבינדען דעם ענין.

לענינים. זיי האבען מחמת דעם פון טיש זיך ניט געקענט אויפהויבען.

איז דאס געווען ביי זיי זעהר א גרויסער חידוש. ווארים יעדער איינער פון זיי האט ערשט ניט לאנג גאנץ ש"ס גע־ענדיגט, און קיינער פון זיי ווייסט ניט, וואו די רש"י הנ"ל געפינט זיך.

און רבנו ז"ל האט די גאנצע צייט אויסגעזעהן, ווי ער ווייסט אויך ניט.

נאר אז ער האט געזעהן, אז זיי האבען גרויס צער דער־פון: דערצו האבען זיי איהם זעהר שטארק געבעטען — האט ער זיי צוליעב געטאן און זיך אנגערופען צו זיי:

— די דאזיגע רש"י געפינט זיך אין מסכת „זבחים" אויף דעם דף אין אנהויב פון עמוד.

און כך הוה.

איז ביי זיי דאס לששון ולשמחה געווען.

און די דאזיגע סעודה האט זיך אוועקגעצויגען פון זמן מנחה גדולה ביז עס איז טאג געווארען, און עס איז צווישען זיי די התקשרות השדוך געווארען.

נאר נאכדעם, אז רבנו איז אוועקגעפאהרען פון דארטען, פון ארץ־ישראל, קיין חוץ־לארץ, איז דער חתן, דער זוהן פון הרב רבי משה הנ"ל, נפטר געווארען.

האט נאך דעם דער רבי זיך מתחתן געווען מיט כבוד הגאון המפורסם דק"ק וואליטשיסק. זענען פון נאט נתגלגלו הדברים נאכדעם געווארען, אז דער רב הגאון הנ"ל זאל פאהרען קיין ארץ־ישראל, און ער האט גענומען זיין זוהן, דעם איידעם פון רבנו ז"ל, מיט זיך אהין, כדי ער זאל לערנען ביי איהם דארטען.

און נאכדעם איז די טאכטער פון רבנו ז"ל אויך גע־פאהרען אהין.

און עס זענען אַזוי מקוים געוואָרען די רייד פון רבנו ז״ל, וואָס ער האָט געזאָגט, אַז פון גאָט איז עס, אַז די טאָכטער זיינע זאָל זיין אין הייליגען לאַנד. קיין איין זאַך פון די רייד זיינע האָט זיך קיינמאָל ניט צוריק לעדיג אומגע־קעהרט.

---

און אין א קורצער צייט אַרום איז געוואָרען אַ דבר רחמנא ליצלן אין שטאָדט. האָט דער רבי ז״ל געמוזט אַנטלויפען פון זיין אכסניא אין אַן אַנדערער. נאָכדעם איז די קראַנק־הייט געקומען אויך אויף דער צווייטער אכסניא, האָט ער שוין געמוזט אינגאַנצען אנטלויפען פון טבריא.

און די בריחה זיינע פון טבריא בעת הדבר רחמנא ליצלן איז געווען אין גרוים סכנה. וואָרים דער טויער פון שטאָדט איז געווען פאַרשלאָסען. האָט ער געמוזט אַנט־לויפען דורך דער מערה, ביז ער איז צוגעקומען צו דער חומה ביים ברעג פון טייך כנרת. האָט ער געוואָלט אַרויפגעהן אויף דער חומה, כדי ער זאָל פון איהר נאָכדעם אַראָפּגעהן מחוץ לעיר. נאָר אַז ער איז אַרויפגעקומען אויף דער חומה און איז נאָכדעם צוגעקומען צו דער אַנדערער זייט כלפי חוץ, האָט ער געזעהן, אַז דער ים איז אונטער איהם.

איז ער געהאַנגען מיט זיינע הענד און פיס איבער דעם מויער, אונטער וועלכען עס איז געווען דער ים און האָט זיין האַרץ צו השם יתברך אויפגעהויבען.

---

און השם יתברך האָט זיך אויף איהם מרחם געווען און האָט איהם פון דאָרטען מציל געווען און ער איז אַנגעקומען אין דער עיר הקדושה צפת.

ו.

# אויפן וועג אַהיים

**דער רבי פאַרברענגט אין צפת עטליכע טעג. — מען הערט אין צפת, אַז דער פראַנצויז קומט באַלד קיין עכו. — דער רבי שיקט אַ שליח מיוחד קיין עכו, מען זאָל פאַר איהם דינגען אַן איטאַ־ליענישע שיף צו פאָהרען אַהיים. — זיי פאַרשפעטיגען די שיף. — זיי מוזען אַריינגעהן אין דער שטאָדט עכו אויף שבת קודש פרשת זכור פון ווינטער תקנ״ט. — מען דינגט פאַר זיי אַן אַנדער שיף. — על פי טעות זעצען זיי זיך אַריין אין אַ קריעגס־שיף.**

דאָרטען — אין צפת — זענען זיי געזעסען איינינע טעג, ביז מען האָט געהערט, אַז דער פראַנצויז וועט תיכף קומען קיין עכו.

אַז דער רבי ז״ל האָט דאָס געהערט, האָט ער געשיקט אַ שליח מיוחד קיין עכו, מען זאָל דינגען אַן איטאַליענישע שיף פון רעגאַזי, וואָס האָט געלעבט בשלום מיט אַלע מלוכות, וואָרים אַז די דאָזיגע שיף ציהט אַרוים איהר פאָהן, נעהמט מען פון איהרע מענשען קיינעם ניט אין פּלען. וואָרים דער שטייגער איז פון קריעגס־שיפען, אַז זיי כאַפּען אויפן ים אַ שיף מיט מענשען נעהמען זיי אין פּלען, אָבער אַז מען זעהט איהר פאָהן, נעהמט מען זיי ניט אין פּלען.

**און אַזוי איז געווען, מען האָט דעם רבי ז״ל אַזאַ שיף געדונגען.**

**און אַז הרב הצדיק ר׳ אברהם הנ״ל האָט געהערט, אַז** דער רבי ז״ל וויל פאָהרען אַהיים, האָט ער צו איהם געשיקט אַ שליח מיט אַ בריעף און אויך אַ בריעף פון כולל.

און דער רבי ז״ל האָט זיך זעהר מזרז געווען און האָט ניט געוואָלט וואַרטען אויף אַ בריעף פון הרב הגאון דק״ק

שעפּיטאָוועקע. זיי זיינען פון דאָרט אוועקגעפאָהרען ערב שבת קודש פרשת זכור און זענען געפאָהרען א גאנצע נאַכט, ביז דריי שעה פאַר קבלת שבת. זיי זיינען אָנגעקומען דע־מאָלט צום ברעג פון עכו. האָבען זיי געשיקט דעם טאָל־מאַטש צו דער שיף, מען זאָל זיי ארויפנעהמען אויף איהר. איז ער געקומען מיט אַן ענטפער, אַז מען קען זיי בשום אופן ניט נעהמען, מחמת די שיף איז שוין פול מיט מענשען.

האָט דער רבי ז״ל מיט זיין מענשען געמוזט אריינגעהן אין שטאָדט עכו אויף שבת קודש פרשת זכור. זיי זיינען געגאַנגען צום גביר, וואָס זיי האָבען געהאַט צו איהם א בריעף פון הרב הקאליסקער הנ״ל. זיי זיינען ביי איהם איינגע־שטאַנען.

---

און דאָרטען איז זיי א גרויסער פחד באַפאַלען. מחמת עס זענען דאָרטען געווען אַן ערך פון פופצעהן טויזענד מאַן אנשי חיל ישמעאלים מיט די אַלע תכסיסי מלחמה זייערע, און זיי האָבען געהאַלטען פאַרשלאָסען די טויערען פון דעם מויער אַרום דעם שטאָדט.

און שבת אין דער פריה ביים דאַווענען איז געקומען דער „טאָלמאַטש" און האָט געזאָגט, אַז מען קען שוין ניט קריגען קיין רעגאָזער שיף, נאָר שיפען פון טערקישע סוחרים, וואָס פאָהרען קיין סטאַמבול נאָך סחורה.

און ער האָט געזאָגט צו זיי, אַז כאָטש מיט זיי איז א סכנה צו פאָהרען מחמת די אנשי חיל, וואָס זענען אויפן ים נעהמען אין פּלען, פונדעסטוועגען איז אַלץ בעסער זיך אריינברענגען אין דער דאָזיגער סכנה איידער צו בלייבען דאָ. וואָרים עס איז געקומען א באַפעהל, אַז נאָך אין צוויי אָדער דריי טעג אַרום וועט זיין א מלחמה. וועט מען מן

הסתם זעהר אַ סך אומברענגגען פון דער שטאָדט. דאַרום זאָל מיר דער רבי מתיר זיין צו דינגען אַ שיף פון אייערטוועגען אום שבת. וואָרים פקוח נפש איז דוחה שבת.

און מען האָט טאַקע געטאָן אַזוי.

דער טאַלמאַטש איז געגאַנגען און האָט געדונגען פאַר זיי אַ שיף און געגעבען אַ גאָלדען רענדעל אַן אדרוף.

און בתוך כך זיינען אָנגעקומען נאָך אַ סך קריגס־שיפען פון ענגלאַנד קיין עכו. איז דער פחד געוואָרען דאָרטען נאָך מעהר. עס איז געוואָרען אַ גרויס ענגשאַפט אין שטאָדט. וואָרים דאָס אָרט איז געווען צו ענג אויף אַריינצונעהמען אין זיך אַזויפיעל מענשען. אַ גרויסען פחד האָבען אַלע איבער־געלעבט יענעם שבת, און די אַלע בני בית, וואָס דער רבי ז״ל איז ביי זיי איינגעשטאַנען, האָבען מיט די הענד גע־בראָכען. נאָר פונדעסטוועגען האָט דער רבי ז״ל מיט זיין מענשען געהאַט אַ שטיקעל טרייסט, וואָס מען האָט שוין געדונגען אַ שיף פאַר זיי. זיי האָבען נאָר געהאַט צער, וואָס זיי האָבען ניט צוגעגרייט אויף דער שיף ניט קיין עסען, ניט קיין טרינקען, מחמת דעם, וואָס זייער נסיעה איז פּלוצ־לונג פאָרגעקומען. זיי האָבען זיך דערמאָנט, אַז בשעת זיי זענען אַרויסגעפאָהרען אויף דער שיף פון חוץ־לארץ קיין ארץ־ישראל האָבען זיי געהאַט אויף דער שיף פון כל טוב אויף פיער אָדער פינף מאָנאַטען, ווי דער מנהג איז פון די, וואָס לאָזען זיך אויפן ים. אַצינד אָבער האָבען זיי גאָר ניט מיט זיך.

---

זונטאָג אין דער פריה האָט דער רבי ז״ל געשיקט זיין מענשען, ער זאָל געהן מיט דעם טאַלמאַטש איינקויפען צדה לדרך. ער האָט אָבער גאָר ניט געקענט קריגען אין מאַרק.

האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק אין דער אכסניא, ווען דער רבי ז"ל איז געשטאַנען איינגעהילט אין זיין טלית ותפילין און האָט איהם גאָר ניט באַמערקט.

און פאַר גרויס פּחד און צער איז דער מענש פון די פיס געפאַלען און האָט איינגעדרעמעלט, און דער רבי ז"ל האָט גאָר ניט געוואוסט, אז ער געפינט זיך אין שטוב.

און דערווייל איז געוואָרען א גרויסער רעש, אז עס איז געקומען א באַפעהל פון פּאַשאַ, אז ער גיט צייט נאָר צוויי שעה, אז דער וואָס ווייסט ניט קיין תכסיסי מלחמה, זאָל זעהן אנטלויפען דורכן ים, וואָרים עס איז ניטאָ קיין אַפענער וועג ארויסצוגעהן פון שטאָדט, נאָר דורך דעם ים. דער אָבער, וואָס וועט זיך געפינען אין שטאָדט נאָך די צוויי שעה, וועט מען איהם קוילען. וואָרים די ישמעאלים האָבען געוואָלט אויסקוילען ווען זיי וועלען געפינען, כדי עס זאָל ניט זיין אזא ענגשאַפט פון פיעל מענשען.

איז געוואָרען א גרויסער רעש און א גרויס געשריי און אַ אימה איז אלעמען באַפעלען.

און בשעת דעם גרויסען רעש איז דער רבי ז"ל אנטלאָפען פון דאָרט אויפן ים.

און פאַר גרויס שרעק און איילעניש האָט ער זיך גאָר ניט אומגעקוקט צו זוכען דעם מענשען זיינעם, וואָס איז גע-שלאָפען.

---

און אז דעם רבינס מענש האָט זיך אויפגעכאַפּט און געזעהן, אז דער רבי ז"ל איז ניטאָ אין שטוב, האָט ער אַבי-סעל געוואָרט. נאָכדעם איז ער ארויסגעגאַנגען אין הויף, האָט ער געהערט, אז מאַנסבילען און ווייבער און קינדער

שרייען און וויינען זעהר ביטער. זייער געשריי האָט ביז די הימלען דערגרייכט.

און די ווירטהין פון הויז, אַז זי האָט דערזעהן דעם רבינס מענשען, איז זי צוגעגאַנגען צו איהם און האָט געזאָגט: „אוי וועה, איך האָב רחמנות אויף אייערע יונגע יאָהרען, איהר זאָלט דאָ ניט געהרגעט ווערען, מיר האָבען דאָ כאָטש מקבל טובה געווען, באַדאַרפען מיר אויך מקבל זיין דאָס, וואָס עס איז אויף אונז נגזר געוואָרען, אָבער אויף אייך איז אַ גרויס רחמנות. איהר וועט דאָ פאַרפאַלען ווערען פון אייער משפחה״.

און נאָך אַזעלכע רייד האָט זי צו איהם גערעדט.

איז אויף איהם אָנגעפאַלען אַ גרויס ציטערניש, און ער האָט איהר געפרעגט אויפן רבין.

האָט זי איהם געענטפערט: „מיר דוכט זיך, אַז ער איז אַנטלאָפען צום ים״.

אַז ער האָט דאָס דערהערט, האָט ער געוואָלט נעהמען דעם קאַסטען מיט דעם געלט מיט די חפצים. וואָרים דער רבי איז אַליין אַנטלאָפען, ניט נעהמענדיג מיט זיך קיין שום זאַך. האָט ער אַליין דעם קאַסטען ניט געקענט טראָגען. האָט איהם השם יתברך מזמין געווען אַ פרענק. האָט ער איהם געגעבען דעם קאַסטען מיט די חפצים און איז אַנטלאָפען מיט איהם צום ים.

---

און מחמת דער גרויסער מהומה, וואָס איז געווען אין שטאָדט, אַז איינער האָט כמעט מיט זיין מעסער דעם צוויי־טען געשטאָכען, איז ניט מעגליך געווען צוגעהן צום ים.

נאָר השם יתברך האָט זיך מרחם געווען, אַז סאַמע אין דער צייט האָבען זיך ישמעאלים אַנידערגעשטעלט אויף

דעם דאַך פון חומה און האָבען אויסגערופען אויף עפּעס אַ בשורה טובה. האָבען זיך פיעלע מענשען אַרומגעקליבען אַרום זיי. האָט ער מחמת דעם שוין געהאַט אַ וועג, ער זאָל קענען דורכגעהן דורך דער שטאָדט, אויף צוגעהן צום ים.

און אַז דער מענש איז צוגעקומען צום ים האָט ער געזעהן אַ סך שיפען, ער האָט אָבער ניט געזעהן דעם רבין דאָרטען. האָט ער אַזוי לאַנג געזוכט ביז ער האָט געפונען דעם רבין זיצען אויף אַ שיף. די שיף איז פול געווען מיט ישמעאלים, און דער רבי ז"ל איז געזעסען צווישען זיי אין מיטען.

אַז זיי זיינען זיך, דער רבי מיט דעם מענשען זיינעם, צונויפגעקומען אין איינעם, איז געווען צווישען זיי אַ גרויסע שמחה, וואָרים פריהער האָבען זיי געהאַט גרויס צער, וואָס זיי האָבען ניט געוואוסט איינער פון דעם אַנדערען.

זענען זיי פריהער געזעסען אין דער קליינער שיף, נאָכ־דעם זענען זיי געגאַנגען מיט דער שיף, ביז זיי זענען צוגעקומען צו דער גרויסער שיף, וואָס איז געשטאַנען ביי חיפה.

האָבען זיי געזעהן אַז די שיף איז אַרומגערינגעלט מיט האַרמאַטען. איז דאָס זיי געווען אַ וואונדער. נאָר זיי האָבען זיך געטראַכט: מחמת עס איז שעת מלחמה איז אפילו אַ שיף פון סוחרים געהט אויך מיט האַרמאַטען. אין אמתן אָבער איז די דאָזיגע שיף געווען אַ קריעגס־שיף מיט זעלנער און מיט כל־זיין, און עס איז אודאי געווען אַ גרויסע סכנה צו זיין מיט זיי צוזאַמען, בפרט נאָך צו פאָהרען אויפן ים מיט זיי און *) בפרט נאָך, אַז די דאָזיגע זענען געווען ישמעאלים, וועלכע זיינען אמתע פּרא אדםס. נאָר דער רבי

*) ביז אדםס — נאָר אין העברעאישען אָריגינאַל.

ז״ל בשעת ער איז אנטלאפען בשעתן רעש האט ער ניט געטראפען צו דער שיף, וואס מען האט פאר איהם געדונגען. ער האט ניט געוואוסט, וואו זי איז, איז ער בשעת בהלה אריינגעגאנגען אין דער שיף, ניט וויסענדיג, אז דאס איז א קריעגס־שיף.

ז.

# וואונדער איבער וואונדער

די ישמעאלים גיבען דעם רבינס מענש אַן אָנגעלאָדענע ביקס. — מען פיהרט זיי אַריין אין אַ באַזונדע חדר. — נאָך אַ דריי שעה אין דער נאַכט אַריין, האָט מען זייער חדר פאַרשלאָסען. — זיי לעגען זיך שלאָפען אונגעגעסען. — ביי נאַכט האָט איינער געעפענט די טיר פון זייער חדר. — ער האָט געזאָגט צו זיי אויף רוסיש: „איהר וועט דאָך דאָ פאַרלאָרען געהן. איהר זענט דאָך אויף אַ קריעגס־שיף“. — דעם רבינס מענש געהט צום קאַפטן, ער זאָל דאַרפען נעהמען געלט אויף געבען דורך דעם מענשען צום קאַפּיטאַן, ער זאָל זיי אַראָפּלאָזען ביים ברעג פון ארץ־ישראל. — ער זאַמט זיך אָבער צו לאַנג — געהט דערווייל דער מענש אַוועק. — עד היום ווייסט מען נִיט, ווער דער דאָזיגער מענש איז געוועזן. — דער רבי מיט דעם מענשען זיינעם לעבען אויף אַ שאָל שוואַרצע קאַווע, וואָס דער קוכער פון קאַפּיטאַן האָט זיי געגעבען בגניבה אין דער פריה און אויף דער נאַכט. — די שיף ווערט פול מיט וואַסער. — זי האַלט ביים זינקען. — דער רבי הייסט דעם מענשען אַרומבינדען אַרום זיין גוף אַ העלפט פון דעם געלט וואָס זיי האָבען; די צווייטע העלפט בינדט ער אַליין אַרום זיין גוף אַרום. — דער מענש זאָגט צו איהם, אַז זיי וועלען קענען איינגעשלונגען ווערען פון די פיש פון ים אויך אָהן דעם געלט. — דער רבי ענטפערט, אַז דערווייל זענען זיי נאָך אויף דער שיף. — דער רבי איז מתפלל, אַז השם יתברך זאָל איהם העלפען בזכות זיין זיידען רבי ישראל בעל שם טוב ובזכות זיין באָבע אדיל און בזכות זיין זיידען רבי נחמן האָראָדענקער. — מען געפינט אויס, וואו די שיף איז געשעדיגט—און מען פאַרריכט זי. — אין דער נאַכט פון ערב פסח איז די שיף אָנגעקומען קיין ראדאס.

און די ישמעאלים האָבען גענומען דעם רבין מיט דעם מענשען זיינעם און האָבען זיי אַריינגעפיהרט אין דער גרויסער שיף און געגעבען זיי אַ באַזונדער חדר. זיי האָבען אויך געגעבען דעם רבינס מענשען אַן אָנגעלאָדענע ביקס.

און דער רבי מיט דעם מענשען זיינעם האָבען זיי גאָר ניט געקענט פרעגען, וואָרים זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען זייער לשון.

און זיי האָבען ניט געהאַט מיט זיך אין שיף קיין שום עסענוואַרג אָדער געטראַנק.

און נאָך צוויי דריי שעה אין דער נאַכט אַריין האָט מען פאַרשלאָסען די טיר פון זיין חדר, און זיי האָבען זיך גע־לעגט שלאָפען. זיי האָבען פאַרן שלאָפען גאָר ניט געגעסען, וואָרים זיי האָבען ניט געהאַט וואָס צו עסען.

אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט איינער געעפענט די טיר און געפרעגט אויף רוסיש: „וואָס טוט איהר דאָ? דאָס איז דאָך אַ קריעגס־שיף. איהר וועט דאָך דאָ, חלילה, פאַרלאָרען גיין. איהר זעהט דאָך, אַז די שיף איז פול מיט אָנגעלאָדענע האַרמאַטען”.

האָבען זיי זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און האָבען איהם אָנגעכאַפּט ביים בגד זיינעם — איז דאָס געווען אַ געוועזענע־נער בגד, נאָר זיין צורה האָבען זיי ניט געזעהן. האָבען זיי איהם געבעטען, ער זאָל זיי זיין צוהילף, אַז מען זאָל זיי לאָזען אַראָפּגעהן פון דער שיף צום ברעג פון ארץ־ישראל, וואָרים זיי האָבען שוין געזעהן, אַז זיי זיינען אין אַ סכנה, קרובים למיתה מחיים, מחמת זיי האָבען געזעהן, אַז די קוילען זיינען געפלויגען נעבען דער שיף. האָבען זיי גע־טראַכט, אַז עס איז שוין בעסער פאַר זיי, זיי זאָלען איבער־בלייבען אין הייליגען לאַנד, זייערע ביינער זאָלען דאָרטען בלייבען.

האָט ער זיי געזאָגט, אַז זיי זאָלען איהם געבען אַ גע־וויסע סומע טאַלערס דערויף, כדי ער זאָל קענען געהן צום קאַפּיטאַן.

איז דעם רבינס מענש געגאַנגען עפענען דעם קאַסטען נעהמען געלט. ער האָט זיך אָבער אָביסעל פאַרזאַמט, איז דער־ווייל דער פרעמדער אַוועקגעגאַנגען. איז דעם רבינס מענש אַליין געגאַנגען צום קאַפּיטאַן און האָט אויסגעשטרעקט די

האַנד זיינע, ער זאָל איהם געבען דאָס געלד. וואָרים ער האָט געמיינט, אַז יענער האָט שוין גערעדט מיט דעם קאַפּיטאַן, ער זאָל זיי אַראָפּלאָזען. דער קאַפּיטאַן האָט אָבער אויף איהם גוט אָנגעשריען און האָט איהם גאָר ניט געוואָלט אויסהערען אפילו.

נאָכדעם האָבען זיי געזוכט דעם מענשען, וואָס האָט גערעדט צו זיי רוסיש. זיי האָבען אָבער קיינעם ניט געקענט געפינען, וואָס קען רעדען רוסיש. עס זענען אויפן שיף נאָר טערקען און אַראַבער געווען.

איז אויף זיי אָנגעפאַלען אַ גרויסער פּחד. פאַר גרוים פּחד האָט זייער גאַנצער גוף געציטערט.

וואָרים דעמאָלט האָבען זיי שוין פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען אויף אַ קריעגס־שיף, אַז זיי געפינען זיך אין אַ בלי־ערך גאָר גרויסער סכנה.

---

און עד היום ווייסט מען ניט, ווער עס איז געווען דער מענש, וואָס האָט צו זיי גערעדט אויף רוסיש און האָט זיי מודיע געווען, אַז דאָס איז אַ קריעגס־שיף.

---

אין דער פריה איז געקומען אויף דער קריעגס־שיף, וואָס דער רבי מיט זיין מענשען האָבען זיך אויף איהר מיט אַ נאַכט פריהער על פי טעות אַרויפגעזעצט, בעת זיי האָבען פאַרלאָזען ארץ־ישראל אויף צו פאָהרען קיין חוץ־לארץ, די „בראַנד־וואַך“.

און דער רבי מיט דעם מענשען זיינעם האָבען געוואָלט נאָך אַמאָל געהן צום קאַפּיטאַן און איהם פאַלען צו די פיס און בעטען, אַז ער זאָל זיי לאָזען זיך אומקעהרען אויפן ברעג.

נאָר בתוך כך האָט מען די שיף אָפּגעאַנקערט און מחמת פּחד זיינען זיי געלאָפּען, וואו דער ווינט האָט זיי געטראָגען. ווארים עס האט זיך שוין געהאָט אָנגעהויבען די מלחמה און מען האט געהערט אויפן שיף א גרויסען רעש פון האַר־מאַטען און באָמבעס.

און מען קען זיך גאָר ניט פאָרשטעלען אין וואָס פאַר א גרויסער סכנה זיי האָבען זיך געפונען און וואָס פאַר א פחד עס איז זיי דעמאָלט באַפאַלען. זיינען זיי ביידע פאַר־שלאָפט געוואָרען, און זיי האָבען אפילו קיין וואסער צום טרינקען ניט געהאט. ווארים זיי האָבען פאר זיך גאָר ניט אָנגעגרייט. נאָר השם יתברך מיט זיין גרוים רחמנות האָט זיי געגעבען חן אין די אויגען פון אַ ישמעאלי, וואָס איז געווען א קוכער ביי דעם קאַפּיטאַן. האָט ער זיי געגעבען בגניבה אַ שאָל שווארצע קאַווע, יעדען איינעם באַזונדער, אין דער פריה און אויף דער נאַכט.

---

און מחמת זיי זיינען געווען זעהר שלאַף האָבען זיי ליגענדיג קראַנק אויף די בעטען, ניט געוואוסט, וואו זיי זענען. ווארים זיי זיינען די גאַנצע צייט געווען איינגע־שלאָסען אין זייער חדר. זיי האָבען נאָר געהערט, אַז עס איז א גרויסער שטורמווינד, וואָס טראָגט די שיף זעהר האַס־טיג, זיי האָבען אָבער ניט געוואוסט, וואוהין זי ווערט גע־טראָגען. נאָר אַז זיי האָבען געהערט, אַז די שיף איז צוגע־קומען צו א ברעג זיינען זיי ארויסגעגאַנגען פון חדר, זיי זאָלען זעהן, וואו זיי זיינען געקומען.

האָבען זיי געזעהן, אַז דאָס איז ניט סטאַמבול.

האָבען זיי נעפרעגט דעם ישמעאל הנ״ל, האָט ער זיי געזאָגט, אַז די דאָזיגע מדינה הייסט אדאל.

און זיי האָבען שוין לאַנג געהערט זייער הנהגה, אַז עס קומט צו זיי אַ איד, איז די ערשטע מצוה איהם מקריב זיין פאַר אַ קרבן.

אַז זיי האָבען דערהערט, אַז דאָס איז אדאָל, זענען זיי באַלד אריינגעגאנגען אין זייער חדר. זיי האָבען פארשלאָסען די טיר און באַהאַלטען זיך דאָרטען און גרויס פּחד געהאַט.

---

און די שיף איז דאָרט געשטאַנען דריי טעג. עס איז אפשר אויך געווען אין קאַפּיטאַנס דעה צו שטעהן נאָך. נאָר פּלוצלונג איז געוואָרען אַ שטורמווינט, זיינען אָפּגעריסען געוואָרען די שטריק פון דעם אנקער. איז איבערגעבליבען דער אנקער אין ים און די שיף איז אליין אוועקגעגאַנגען. איז געוואָרען אַ גרויס געשריי צווישען די ישמעאלים: „המן", „המן", דהיינו — גוואַלד.

און אַט אַזוי האָט זיך די שיף ארומגעוואָרפען אַ גאַנצע נאַכט ביז עס איז געוואָרען טאָג. ערשט אין דער פריה האָט זיך דער שטורמווינט איינגעשטילט. האָבען זיי זיך זעהר געפרעהט. זיי זענען אָבער ניט געבראַכט געוואָרען, וואו זיי האָבען באַדאַרפט, נאָר דורך דעם שטורמווינט זענען זיי צוריק פאַרפאָהרען קיין עכו. זיי זיינען אַ טאָג ווייט פון עכו געווען.

נאָך האַלבען טאָג האָט זיך ווידער אַמאָל אָנגעהויבען אַ גרויסער שטורמווינט, ער האָט געטראָגען און געוואָרפען די שיף עטליכע טעג און נעכט כסדר. עס איז ממש „יעלו שמים ירדו תהומות" געווען. די בעלי־הספינה האָבען פאַר זיך קיין שום עצה ניט געזעהן, ווי אַזוי ניצול צו ווערען.

און אין יום ה׳, שעה י״ב, האָט מען אָנגעהויבען אויס־שעפּען וואַסער פון שיף פון דעם דריטען „חדר" מיט פּאָמ־

פּעם, ווי דער שטייגער איז פון די בעלי ספינה. און זייער שטייגער פלעגט זיין, אַז אַלע טעג פלעגט ביי זיי געדויערען נאָר איין פערטעל שעה אויף אויסשעפּען דאָס וואַסער. היינט אָבער, אַז זיי האָבען אָנגעהויבען אויסשעפּען דאָס וואַסער, זיינען זיי ניט פאַרטיג געוואָרען מיט דער אַרבייט ביז אין אָבענד אַריין.

און דאָס וואַסער איז אַלץ מעהר און מעהר געוואָרען, ביז עס איז אויך אין רבינס חדר אַריינגעגאַנגען. האָט ער דאָרט ניט געקענט איינליגען און האָט געמוזט איבערגעהן אויף א העכער אָרט זיך דאָרט לעגען. אויך דער מענש זיינער איז געגאַנגען אויף אַן אַנדער אָרט. וואָרים זיי האָבען זיך ניט געוואָלט ווייזען פאַר די ישמעאלים.

און דאָס וואַסער האָט זיך אַלץ מעהר געמעהרט אין שיף ביז די ישמעאלים האָבען געמוזט אויסרייסען די „פּלומפּען" און שעפּען דאָס וואַסער מיט גרויסע כלים דורך רעהרען.

און דער שטורם איז אַלץ שטאַרקער געוואָרען. דורך דעם שטאַרקען ווינט האָבען זיך די כוואַליעס, כמעט, ביז צום הימעל געהויבען, און זיי האָבען אויסגעזעהן ווי הויכע בערג און טיעפע טאָלען.

און אַזוי איז א גאַנצע נאַכט געווען.

---

אַז עס איז געוואָרען טאָג איז דער מענש זיינער געקומען צום רבין ז״ל. האָט איהם דער רבי ז״ל געזאָגט, אַז ער האָט גרויס חולשת הלב מחמת פּחד, „וואָרים איך זעה אין האַרצען, אַז איך בין אַצינד אין א גרויסער סכנה. עס איז ניט קיין פּשוטע זאַך. כאָטש איך זעה ניט וואָס זיי טהוען, אָבער דאָס האַרץ זעהט".

און דער מענש האָט איהם געלייקענט און געזאָגט צו איהם: „איהר זאָלט זיך גאָר ניט שרעקען, וואָרים אַלעס איז ווי עס באַדאַרף צו זיין״.

און דער מענש איז געגאַנגען זעהן אין „האַמבאַר״, דאָר־טען וואו זיי שעפּען דאָס וואַסער. האָט ער געזעהן, אַז עס זיינען דאָרטען פאַרהאַן שווין, ווי קליינע כוואַליעס, ווי אין אונזערע טייכען. אַזוי פיעל וואַסער איז שוין געווען דאָרטען. וואָרים דער באַלאַנס פון דער שיף איז שוין געווען אויסגע־פילט נאָר פון וואַסער אַליין. וואָרים דער שטייגער פון אַ שיף איז, זי זאָל זיין אָנגעלאָדען מיט צוויי חלקים משא. דאָ אָבער האָבען די ישמעאלים שוין אַרויסגעוואָרפען פון שיף די גאַנצע משא. זי איז געבליבען אָנגעלאָדען נאָר פון דעם וואַסער אַליין, וואָס האָט אַריינגעדרונגען אין איהר. נאָר דאָס וואַסער, וואָס איז געווען מעהר פון דער וואָג פון דער משא, וואָס האָט באַדאַרפט זיין אין דער שיף, נאָר דאָס דאָזיגע וואַסער האָט מען אויסגעשעפּט. אויך אָבער אויף אָט דאָס וואַסער אויסשעפּען האָט ניט מספּיק געווען די צייט. האָט דער מענש געזעהן דעמאָלט, אַז עס איז ניט מעגליך, מען זאָל בדרך הטבע ניצול ווערען.

איז ער געקומען צום רבין.

און מחמת גרויס צער און פּחד האָט ער כמעט ניט געקענט רעדען.

האָט איהם דער רבי ז״ל געזאָגט: „דו *) האָסט דאָך אַליין געזאָגט, אַז עס איז גאָר ניט, און אַצינד שרעקסטו זיך אַזוי״.

האָט ער געענטפערט, אַז עס איז ניט קיין סברא, אַז מען זאָל על פּי דרך הטבע ניצול ווערען. וואָרים דאָס וואַסער

---

*) „איה פּיך שאמרת״.

ווערט אַלץ מעהר און מעהר אין שיף און עס איז ניט מעגליך עס אויסצושעפּען. וואָרים עס איז שוין אַ מעת לעת, אַז זיי האָבען ניט געגעסען און ניט געטרונקען און ניט גע־שלאָפען.

און דער מענש האָט צו איהם געזאָגט, אַז ער האָט נאָך ניט געדאַווענט.

האָט איהם דער רבי געענטפערט: „דו דאַרפסט אַצינד ניט דאַווענען, נאָר דו זאָלסט אויף זיך מקבל זיין עול מלכות שמים מיט דעם ערשטען פסוק פון קריאת שמע און זאָגען די ערשטע און די לעצטע דריי ברכות פון שמונה עשרה".

און ער האָט צו איהם ווייטער געזאָגט: „נעהם דאָס גאַנצע געלד ביז דער לעצטער פּרוטה און זאָלסט עס צו־טהיילען אויף צווייען, איין העלפט זאָלסטו אַרומבינדען אויף דיין גוף און די צווייטע העלפט וועל איך אַרומבינדען אַרום מיין גוף".

האָט איהם דער מענש געפרעגט: „צו וואָס באַדאַרף מען דאָס? די פיש פון ים וועלען דאָך אונז קענען איינ־שלינגען אויך אָהן דעם געלד".

האָט ער איהם געענטפערט: „טהו אַזוי ווי איך הייס דיר. די אידען זיינען שוין אויפן ים געווען און זיינען ניט דערטרונקען געוואָרען. מיר זיינען דאָך נאָך דערווייל אויף דער שיף".

האָט ער געטאָן, דער רבי, וואָס ער האָט געטאָן, און האָט געזאָגט צו זיין מענשען, ער זאָל זיך אַנטאָן און זאָל אַרומבינדען דעם טוליפּ זיינעם מיט אַ גאַרטעל.

און ער האָט אויך אַזוי געטאָן, ווי איינער וואָס גרייט זיך אין וועג אַריין.

און דער מענש האָט זיך אָנגערופען צום רבין ז"ל: „איך קען אַצינד ניט דאַווענען אפילו די תפלה פון די אנשי כנסת

הגדולה. מיר געפינען זיך אצינד אין אזא עת צרה. כבוד תורתו קען דאך אבער מתפלל זיין פאר כלליות און פרטיות. פאר וואס זשע איז כבוד תורתו ניט מתפלל אצינד?״

און דער רבי ז״ל האט געענטפערט: „מחמת איך בין ניט אצינד ביי מיינע מדרגות, בין איך דערווייטערט פון השם יתברך. נאר מחמת עס איז דאך באין ברירה, ווארים מיר געפינען זיך אין א זעהר גרויסער סכנה, איז השם יתברך ווייסט, אז איך האב זיך קיינמאל ניט באנוצט מיט זכות אבות, נאר אצינד מוז איך בעטען פון השם יתברך, ער זאל מיר העלפען בזכות מיין זיידען רבי ישראל בעל־שם־טוב ז״ל ובזכות מיין באבע אדיל און בזכות מיין זיידען רבי נחמן הארארדענקער״. און מעהר האט ער קיינעם ניט דערמאנט.

נאכדעם האבען זיי געזעהן פון ווייטענס אזוי ווי א וואלקען, איז אויף זיי נאך א גרעסערער פחד געפאלען, ווארים אמאל פארנעהמט זיך דער וואלקען צו שעפען וואסער פון ים, ווערט דארט אזוי ווי א טאל. איז אז א שיף קומט צו אהינצו ווערט מען דערטרונקען. די איינציגע תקנה איז מען זאל שיסען מיט ביקסען און הארמאטען, ווי אויף א מלחמה, כדי מען זאל צוברעכען די וואלקענס. דא אויף דער שיף האט מען אבער ניט געהאט קיין צייט דערויף. מחמת זיי האבען געדארפט שעפען דאס וואסער פון שיף. נאר השם יתברך האט זיך דערבארימט, מחמת עס איז געווען א גרויסער שטורמווינט, איז די שיף געגאנגען זעהר גיך, אזוי ווי א פייל פון בויגען — און אז זי איז צוגעגאנגען צו דעם ארט, וואו דער וואלקען האט פון דארט געשעפט וואסער, איז געווען דארטען, ווי א טויער, און ארום איהר האבען זיך ווי בערג געהויבען, איז זי אזוי דורכגעגאנגען דארטען בשלום.

און בתוך כך האָט השם יתברך זיי דערלייכט די אויגען און זיי האָבען אויסגעפונען די לאַך, וואָס איז פון דאָרטען געגאַנגען וואַסער אין שיף. האָבען זיי געקווילעט אַ ציעג און גענומען די פעל איהרע און פאַרריכט מיט איהר די שיף.

---

אַט אַזוי זענען זיי ניצול געוואָרען בשלום פון גרויסע שרעקליכע סכנות.

---

און דאָס איז געווען אַן ערב שבת קודש. האָבען זיי זיך זעהר משמח געווען און דער רבי ז״ל האָט דעמאָלט געזאָגט „הודו לד׳״ מיט גרויס שמחה.

פון דאָרטען זיינען זיי געגאַנגען דורך אַ סך ערטער.

און דאָס עסען, וואָס זיי האָבען געהאַט אויף דער שיף איז געווען, נאָר דאָס, וואָס דער קוכער האָט זיי געגעבען מצד רחמנות פון זייער מאַגאַזין — סוכאַרעס, וואָס ווערים זענען אויף זיי ארומגעקראָכען. זיי האָבען זיך געמוזט בעטען אַלע טאָג מיט גרויסער הכנעה, כעני בפתח, ביים קוכער, אַז ער זאָל זיי געבען פון די דאָזיגע סוכאַרעס. וואָרים זיי האָבען נאָר דאָס געגעסען.

און אַז זיי האָבען זיך דערמאָנט, אַז עס איז שוין באַלד פסח, האָבען זיי געהאַט גרויס צער, וואָרים זיי האָבען זיך געזאָרגט, וואָס וועלען זיי טאָן פסח. וואָרים אַ גאַנצען פסח קען מען דאָך ניט פאַסטען.

אין אַ פּאָר שעה אַרום זענען זיי געקומען צו אַ שטאָדט, וואָס שטעהט אויף אַ באַרג פון שטיינער אין מיטען ים. האָבען די ישמעאלים געקויפט דאָרטען אַ סך פירות. זיי האָבען אויך געגעבען דעם רבין ז״ל מיט זיין מענשען פאַר אַ טאַלער אַ סך באַקסערען — אַן ערך פון אַ „טשעטווערט״.

האָט דער רבי ז״ל געזאָגט: „לעת עתה איז דאָס אויך גוט. מען וועט קענען אָפּלעבען די אַכט טאָג פּסח אויך נאָר מיט באַקסערען אַליין. הלואי וואָלט אונז אָבער השם יתברך מזכה געווען, מיר זאָלען מקיים זיין די מצוה פון אכילת מצה און ארבע כוסות״.

---

און עס איז ניט מעגליך צו באַשרייבען די גרויסע סכנות, וואָס דער רבי האָט געהאַט, בשעת ער האָט זיך אומגעקעהרט אהיים פון ארץ־ישראל, ווארים זיי זיינען געווען אויף א קריעגס־שיף, וואָס איז געווען פול מיט ישמעאלים. זיי זיי־נען געווען נאָר צוויי אידען, און דער שטייגער פון ישמעאלים איז, בפרט נאָך אנשי מלחמה, זיי זאָלען כאַפּען אידען און פאַרקויפען זיי במרחקים פאַר קנעכט. האָט דער רבי ז״ל געהאַט דערפון גרוים פּחד. ווארים ער האָט אָנגעהויבען צו טראַכטען: וואָס וועט ער טאָן, אז מען וועט איהם ערגעץ אוועקפיהרען אין אַזאַ אָרט, וואָס קיין אידען זיינען דאָרטען ניטאָ. מען וועט איהם דאָרט פאַרקויפען, טאָ ווי וועט ער קענען מקיים זיין די מצוות פון דער תורה. ער האָט דערפון געהאַט גרוים צער און האָט אָנגעהויבען צו טראַכטען אַן עצה וועגען דעם, ביז ער האָט זוכה געווען צו קומען צו אַזאַ השגה, ער זאָל קענען דיענען השם יתברך אפילו, אַז ער וועט חס ושלום ניט קענען מקיים זיין די מצוות. ווארים ער האָט משיג געווען די עבודה פון די אבות העולם, וואָס זיי האָבען מקיים געווען אַלע מצוות איידער די תורה איז גע־געבען געוואָרען, כאָטש זיי האָבען ניט געטאָן די מצוות כפשוטן, אַזוי ווי יעקב אָבינו האָט מקיים געווען מצות תפילין „על ידי המקלות אשר פיצל״, כידוע. און כיוצא בזה. אויף אַזאַ וועג האָט ער אויך משיג געווען צו מקיים

זיין די מצוות, אַז מען וועט איהם חס ושלום פאַרקויפען, ווען ער וועט זיין אַן אונס.

---

און תיכף ווי דער רבי ז"ל איז געקומען אויף דער השנה האָט השם יתברך געהאָלפען. די שיף איז געקומען די נאַכט פון ערב פסח צו אַ גרויסער שטאָדט, וואָס שטעהט אויפן ים. זי הייסט ראָדאָס. זיי האָבען דערקענט, אַז דאָס איז אַ אידישע שטאָדט, און האָבען זיך זעהר געפרעהט, וואָס זיי וועלען דאָ קענען קויפען מצות אויף פסח און אַרבע כוסות. דאָס איז זיי אָבער אויפן געדאנק ניט אַרויף, אַז דער קאַפּיטאַן און די ישמעאלים וועלען זיי וועלען אַריינלאָזען אין דער דאָזיגער שטאָדט. וואָרים זיי האָבען געזעהן און פאַרשטאַנען, אַז די ישמעאלים ווילען זיי כאַפּען און באַגזלענען, און אפשר וועלען זיי נאָך פאַרקויפען זיי פאַר קנעכט.

## ח.

# משעבוד לגאולה

**פסח אין דער פריה האָט דער קאַפּיטאַן פון שיף מיטגענומען דעם רבינס מענש אין שטאָט, ער זאָל קויפען ברויט. — אַ ישמעאל געהט מיט איהם מיט, ער זאָל איהם היטען, ער זאָל ניט אַנטלויפען. — דעם רבינס מענש קומט אין הויז פון דעם ברודער פון רבי צבי האַרקערס פּרוי. — דער חכם פּיהרט איהם צום רופא, ער זאָל איהם אָפּשערען לכבוד יום טוב. — די חשובי העיר האָבען געוואָלט באַלד געהן אויסלעזען דעם רבין פון די הענד פון קאַפּיטאַן. — דורך אַ סיבה וואָס האָט זיך געמאַכט, קענען זיי ניט געהן באַלד. — דער מענש נעהמט מיט זיך מצות און וויין, און קעהרט זיך אום צום רבין אויפן שיף. — דעם ערשטען טאָג חול המועד איז געגאַנגען דער חכם מיט צוויי גבירים און האָבען געגעבען צום קאַפּיטאַן צוויי הונדערט טאָלער, האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם רבין מיט דעם מענשען זיינעם פון שיף. — די אַלע חכמים פון שטאָדט האָבען געהאַלטען דעם רבין פאַר אַ גרויסען חידוש. — נאָך יום טוב דינגען די איינוואוינער פון שטאָדט אַ שיף פאַרן רבין קיין סטאַמבול. — אויפן שיף זענען אַ סך גריכען אויסגעשטאָרבען. — זיי זענען אָבער בשלום קיין סטאַמבול געקומען. — פון סטאַמבול זענען זיי געפאָהרען קיין גאַלאַץ. — די צרות, וואָס זיי האָבען אין סטאַמבול און אין גאַלאַץ געהאַט אויסצושטעהן. — פון גאַלאַץ זענען זיי געפאָהרען אַהיים דורך יאַסי. — די יסורים וואָס זיי האָבען געהאַט אויפן וועג פון גאַלאַץ אַהיים. — דער רבי ז״ל איז געקומען בשלום אַהיים: שלום בגופו, שלום בממונו, שלום בתורתו. — די גרויסע השגות, וואָס ער האָט אין ארץ־ישראל משיג געווען.**

ערב פּסח אין דער פריה איז דער קאַפּיטאַן מיט כמה מאַטראָזען *) אַראָפּגעפאָהרען אויף א קליין שיפעל אין שטאָדט. איז דער רבי ז״ל מיט זיין מענשען צוגעגאַנגען צום קאַפּיטאַן און האָבען איהם געבעטען, אַר זאָל זיי געבען ברויט צום עסען. זיי האָבען גערעדט צו איהם אויפן וואונק. האָט ער זיי אויך געענטפערט אויפן וואונק און מודיע געווען, אז

*) „כמה ישמעאלים״.

עס זיינען דאָ פאַראַן אידען, קענען זיי ביי זיי קויפען ברויט.

און השם יתברך מיט זיין גרויס רחמנות, וואָס אין זיין האַנד איז דאָס האַרץ פון מלכים ושרים, האָט מבלבל געווען דעם קאַפּיטאַנס דעה, ביז פון זיין מויל איז אַרויסגעגאַנגען אָהן אַ שום ישוב הדעת, אַז ער וועט מיטנעהמען איינעם מיט זיך אין שטאָדט, ער זאָל קויפען ברויט.

איז תיכף דעם רבינס מענש מיט איהם געפאָהרען אין שטאָדט. איהם איז נאָכגעגאַנגען אַ ישמעאלי, ער זאָל איהם היטען, ער זאָל ניט אַנטלויפען.

און אין זיין געהן אין שטאָדט איז ער אויך געווען אין אַ גרויסער סכנה, וואָרים עס איז דאָך געווען שעת מלחמה, האָט מען איהם זעהר גרינג געקענט כאַפּען און זאָגען, אַז ער איז איינער פון די מרגלים. מחמת עס איז דאָך געווען קענטיג אויף איהם, אַז ער איז ניט פון זייער מדינה, נאָר פון אַ זעהר ווייטער מדינה. נאָר השם יתברך האָט גע־האָלפען. ער איז דורכגעגאַנגען דורך אַלע שומרים, און זיי האָבען איהם גאָר ניט געקענט טאָן, ביז ער איז צוגע־קומען צום חכם פון כולל און האָט איהם דערציהלט, וואָס מיט זיי האָט זיך געטראָפען, אַז זיי זיינען נלכד געוואָרען אין אַ קריעגס־שיף. נאָר בפרטות האָט ער אַליין ניט גע־וואוסט וואָס צו דערציהלען, וואָרים זיי האָבען אַליין ניט געוואוסט די כוונה פון קאַפּיטאַן, וואָס ער וויל טאָן מיט זיי, נאָר בדרך כלל האָט ער איהם דערציהלט, אַז זיי זיינען כמעט אין געפענגניש, אַז זיי זיינען אין גרויס סכנה.

און ביי איהם האָט זיך די שעה אויסגעצויגען *), ווי עט־

---

*) דער גאַנצער פּאַראַגראַף — נאָר אין העברעאישען אָרי־גינאַל. אין אידישער איבערזעצונג האָט ער נאָר אַ פּאָר — פאַר־דרעהטע דערצו — שורות.

ליבע שעה. דער חכם האָט אָבער אַלץ געוואָלט הערען ספּורי מעשיות וועגען מלחמות. ער האָט צו איהם אַלע מאָל געזאָגט: „דו זאָלסט זיך ניט שרעקען״. האָט ער געהאַט גרויס צער, דעם רבינס מענש, און האָט שוין געוואָלט קויפען מצות און וויין און אומקעהרען זיך צוריק אויף דער שיף. נאָר השם יתברך האָט איהם אַריינגעשיקט אין דער מחשבה: היות, אַז ווען זיי זיינען געווען אויף דער אכסניא אין טבריא האָבען זיי געהערט פון רבי צבי הארקער, אַז זיין ווייב איז פון די פרענקען און אַז זי איז אַ גרויסע מיוחסת, און ער האָט אויך געזאָגט, אַז זי האָט אַ ברודער אין ראַדאָס, וועלכער איז אַ גרויסער חכם און צדיק — האָט ער זיך איצט דער־מאָנט אין דעם. ער האָט אָבער ניט געוואוסט, ווי ער הייסט, נאָר דעם נאָמען פון רבי צבים פרוי האָט ער גע־וואוסט. האָט ער זיך באַלד אָנגעהויבען נאָכפרעגען אויף דעם חכם, וואָס האָט אַ שוועסטער אין טבריא. האָט מען איהם באַלד צו איהם אַוועקגעשיקט. איז באַלד דעם רבינס מענש צו איהם געגאַנגען.

און דעם חכם האָט מען שוין געהאַט איבערדערצעהלט אַלצדינג, וואָס דעם רבינס מענש האָט דערצעהלט אין הויז פון ערשטען חכם. איז באַלד ווי דעם רבינס מענש איז אָנגעקומען צו איהם, האָט צו איהם דער דאָזיגער מענש גע־זאָגט: „עס איז זיך גאָר ניטאָ וואָס צו שרעקען. און די ספּורי מעשיות וועסטו מיר דערצעהלען אם ירצה השם ביים סדר״.

האָט זיך דעם רבינס מענש זעהר געוואונדערט. וואָרים עס איז איהם גאָר אויפן געדאַנק ניט געקומען, אַז אַזוי גיך זאָל שוין די ישועה קומען, אַז ער זאָל נאָך זוכה זיין צו זיין דאָ בשעתן סדר.

---

און דער חכם האָט צו איהם געזאָגט: דו זאָלסט וויסען זיין, אז דעם דאָזיגען קאַפּיטאַן האָבען מיר פאַרהאַלטען מיט דער שיף. מיר האָבען איהם אַזוי פאַרדרעהט, אז ער וועט אייך אַרויסלאָזען שוין פון דער שיף. נאָר וואָס דען? געלט וועט מען איהם דאַרפען געבען, וויפיעל ער וועט נאָר וועלען. מען דאַרף דאַנקען השם יתברך, וואָס האָט אייך מציל געווען, וואָס ער האָט מיט אייך אַ נס געטאָן, איהר זאָלט זוכה זיין צו קומען אַהער, וואָס ער האָט מבלבל געווען דעם געדאַנק פון קאַפּיטאַן, ער זאָל אייך לאָזען געהן פון שיף אין שטאָדט אַריין. ווארים ער איז אַ באַוואוסטער גזלן, אַ רשע מרושע. ווארים ער קומט אַרויס פון די פינף סרני פּלשתים. ווארים אַט אַזוי התמעט ער זיך. נון, איך האָב איצט קיין צייט ניט צו הערען ספּורי מעשיות, קומט מיט מיר צום רופא, מען זאָל אייך אַפּשערען לכבוד יום טוב.

און ער האָט איהם אַוועקגעפיהרט באַלד צום רופא. און מען האָט איהם אָפּגעשאָרען און אַרומגעוואַשען און מען האָט איהם געגעבען טרינקען קאַווע.

און דער חכם האָט איהם געפרעגט אויף דעם רבין: ווער ער איז?

האָט ער צו איהם געזאָגט *): „האָט מעלתו געהערט וועגען בעל שם טוב?"

האָט ער געענטפערט „יא", ווארים די ספרים פון הגאון החסיד אב"ד דק"ק פּאָלאָנאה האָבען זיך דאָרטען געפונען.

האָט ער צו איהם געזאָגט, אז „דער רבי ז"ל איז דעם בעל שם טובס אַן אייניקעל און איז אויך רבי נחמן האָראָדענקערס אַן אייניקעל, און איז בעצמו אַ גרויסער חכם, ווי מעלתו וועט באַלד זעהן".

*) די ביידע פּאַראַגראַפען זיינען נאָר אין העברעאישען אָריגינאַל.

און דער חכם האָט זיך זעהר געפרעהט. ער האָט אַ דאָפּעלטע שמחה געהאַט, וואָרים ער האָט געזאָגט: „אפילו פּראָסטע מענשען אויסלייזען איז אַ גרויסע מצוה, בפרט נאָר, אַז גאָט האָט מיר מזמין געווען אויסצולייזען אַזאַ אדם גדול, אַזאַ מיוחס, וואָס קומט אַרויס פון אַזוינע הייליגע עלטערן״.

---

און דער חכם מיט נאָך כמה מענשען האָבען זיך מזרז געווען צו פאָהרען צו דער שיף צום רבין. נאָך בתוך כך איז געוואָרען אַ געשלעג צווישען ישמעאלים אין גאַס. עס זיינען אין דעם דאָזיגען געשלעג כמה ישמעאלים דערהרגעט גע־וואָרען. אַז זיי האָבען דאָס דערהערט, איז דער חכם מיט די מענשען אַנטלאָפען צו זיך אין הויף. אויך דעם רבינס מענשען האָבען זיי מיט זיך גענומען, זיי זיינען אַזוי גע־בליבען איינגעשלאָסען אין הויף עטליכע שעה מחמת פּחד, וואָס זיי האָבען געהאַט. האָבען זיי שוין ניט געקענט פאָהרען צו דער שיף אויסצולייזען דעם רבין מיט דעם מענשען, מחמת עס איז שוין געווען פאַרנאַכט.

האָט דער חכם זיך אָנגערופען צום רבינס מענשען און געזאָגט צו איהם: „דו זאָלסט וויסען זיין, אַז פון מיין יוגענד אָן בין איך עוסק אין תורה און אין עבודה און אין מצות און אין מעשים טובים. האָב איך דאָך מן הסתם אויף יענער וועלט שכר פאַר דעם, אַ חוץ דעם חלק לעולם הבא וואָס איך האָב בכלל ישראל: גיב איך אייך דאָס במשכון, אַז באַם איך וועל זיך חס ושלום ניט שטאַרקען און מיהען אייך אַרויסצונעהמען, זאָל דאָס אַלץ פאַרלאָרען געהן. איך מיין ניט דערמיט צו באַריהמען זיך פאַר דיר. איך זאָג דיר דאָס נאָר, כדי דו זאָלסט מיר גלויבען, אַז איך בין אייך

ניט מפקיר חס ושלום, הײנט אבער טראגט מיר ניט די צײט *), איך זאל זיך עוסק זײן אין דעם. בכן זאלסטו נעהמען מיט זיך מצות, הן מצה שמורה, הן אנדערע מצות, אויב איהר ווילט, און גוטען וויין, מן המובחר, און ירקות און אנדערע זאכען, וואס מען באדארף צום סדר״.

האט ער גענומען די דאזיגע אלע זאכען און האט זיך אײנער אליין אומגעקעהרט צו דער שיף צום רבין.

און אז דער רבי האט דערהערט זײן קול האט ער זיך זעהר דערפרעהט און איז איהם אנטקעגען געלאפען און גע־זאגט צו איהם: „א דאנקען נאט, וואס איך זעה דיך, אז דו לעבסט. ווארים איך האב גערעכענט, אז זײ האבען דיך שוין דערטרונקען אין ים, און מיר וועלען זײ אויך דער־טרינקען, אצינד, געלויבט איז השם יתברך, וואס האט מיר געגעבען כח איבערצוטראגען די יסורים מיט דעם כליון עינים. ווארים איך בין שוין ניט בכח געווען אריבערצו־טראגען די יסורים ביז דו ביזט געקומען. איך האב גערע־כענט, אז איך וועל שטארבען אײדער דו וועסט נאך קומען״. ווארים דער רבי האט געהאט כליון עינים גרויסען די גאנצע צײט, וואס דער מענש איז געווען אפגעשײדעט פון איהם, ווען ער איז געבליבען אלײן אין שיף. ער האט געווארט און געווארט און האט זיך די אויגען זײנע אויסגעקוקט אויף זײן צוריקקומען.

און זײ האבען אפגעדאווענט און האבען אפגעריכט דעם סדר כראוי און געגעסען און געטרונקען. דער מענש האט דערצעהלט דעם רבין די אלע זאכען, האט ער זיך זעהר געפרעהט.

---

*) ביז צום סוף פאראגראף נאר אין העברעאישען אריגינאל.

און דעם ערשטען טאָג פּסח האָט מען צוגעפיהרט די שיף צום באָרטען נאָהענט צום שטאָדט.

און די אַנדערע נאַכט האָבען זיי אויך גענעכטיגט אויף דער שיף.

און דעם צווייטען טאָג יום טוב איז דער מענש געגאַנ־גען אין שטאָדט אין שוהל אַריין דאַוונען. אַז ער איז אַרויס־געגאַנגען פון שוהל, איז ער געגאַנגען מיט דעם חכם צו איהם אַהיים, צו עסען די סעודת יום טוב.

און בשעת הסעודה האָט דער חכם געזאָגט תורה, וואָס ער האָט אַליין מחדש געווען און אויך אין נאָמען פון אַנדערע. ער האָט נאָכגעזאָגט תורה אויך אין נאָמען פון די צדיקי דורנו וואָס אין אונזער מדינה. נאָכדעם האָט ער געבעטען דעם רבינס מענש, ער זאָל זאָגען עפּעס דברי תורה פון דעם רבין. האָט ער איהם נאָכגעזאָגט. האָט דער חכם געהאַט גרויס נחת פון דער תורה *).

און נאָך דער סעודה האָט זיך דעם רבינס מענש אומ־געקעהרט צו דער שיף. און דעם חכמס גבאי איז איהם נאָכגעגאַנגען און האָט געטראָגען אַלערליי מאכלים טובים פאַר דעם רבין ז״ל.

---

און אַז דער מענש איז צוגעקומען צום שיף האָט ער אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט זיין אין עצבות און אין מרה שחורה. איז אַז דער רבי ז״ל האָט איהם דערזעהן, האָט ער געמיינט, אַז עס האָט זיך עפּעס געענדערט, אַז עס איז עפּעס נולד געוואָרען חדשות. האָט ער פאַר גרויס צער ניט געקענט עסען. אין אמתן אָבער האָט דער מענש אויסגעזעהן אין עצבות, ווייל דער חכם האָט איהם גענייט צו טרינקען אַ סך וויין. איז ער שכור געוואָרען, דעריבער האָט ער

*) „ואמר שישו בני מעי וכו׳״.

פריהער גאָר ניט געענטפערט אויף די פראַגען פון רבין ז"ל, נאָר ער האָט זיך געלעגט שלאָפען אויף עטליכע שעה. נאָכ־דעם איז ער אויפגעשטאַנען פון שלאָף אַ מונטערער און האָט געזאָגט צום רבין: „האָט ניט קיין יסורים, וואָס איך האָב אייך ניט געענטפערט, מחמת זיי האָבען מיך פאַרטרונקען מיט וויין בשעת סעודה". און ער האָט איהם דערצעהלט אַלץ, וואָס איז געווען ביי דער סעודה, ווי אַזוי דער חכם האָט זיך מיט איהם נוהג געווען.

---

האָט דער רבי ז"ל געהאַט פיעל נחת דערפון, און האָט ערשט דעמאָלט געגעסען זיין מאַלצייט.

אין דעם ערשטען טאָג חול־המועד איז געגאַנגען דער מענש צום חכם. האָט דער חכם איהם געהייסען, ער זאָל אַרויסנעהמען בגניבה דאָס גאַנצע געלד פון זייער קעסטעל, אַז קיינער זאָל ניט וויסען, און ברענגען עס אין שטאָדט אַריין, כדי מען זאָל דאָס ביי איהם ניט אַוועקרויבען.

האָט ער אַזוי געטאָן.

נאָכדעם איז דער חכם געגאַנגען מיט צוויי גבירים צום קאַפּיטאַן און זיי האָבען איהם געזאָגט: „גיב אונז די דאָזיגע צוויי נפשות". האָט ער זיי געענטפערט: „וואָס פאַר אַ שייכות האָט איהר מיט די דאָזיגע צוויי נפשות. איך האָב זיי זוכה געווען מן ההפקר".

און ער האָט זיי דערצעהלט די אַלע צרות, וואָס זיי האָבען דורכגעלעבט. דערנאָך האָט ער צו זיי ווייטער גע־זאָגט: „און ניט נאָר דאָס אַליין. די דאָזיגע מענשען וואָל־טען מיר שוין לאַנג געווען געקענט דערטרינקען אָדער פאַר־קויפען פאַר קנעכט. דאָס גאַנצע געלד זייערס מיט זייערע חפצים — דאָס אַלעס וואָלט געווען אונזערס. וואָס זאָל מען אָבער טאָן, אַז דאָס מזל זייערס איז זעהר גרויס, ער לב

השמים. ווארים לא די וואס השם יתברך האט זיי אזא נס געטאן, וואס צוליב זייער מזל איז פלוצלונג די שיף געקומען אהער, נאר עס איז זיי נאך געטאן געווארען א נס בתוך נס, וואס השם יתברך האט מיר פארנארישט, איך זאל נעהמען איינעם פון זיי אין שטאדט אריין. אצינד טאר איך שוין אודאי ניט אפילו זייער געלט צונעהמען. נאר כדי מיינע קנעכט זאלען אויף מיר קיין תרעומות ניט האבען, גיט מיר צוויי הונדערט טאלער און נעהמט זיי אייך אראפ פון שיף".

און אזוי איז עס געווען. זיי האבען איהם געגעבען באלד, וויפיעל ער האט געוואלט, און זיי האבען זיי אפגעראטעוועט פון די גזלנים ממות לחיים, משעבוד לגאולה.

דערנסטמאל זענען זיי ביידע, דער רבי מיט דעם משמש זיינעם, אריינגעקומען אין שטאדט אריין. האבען די ישמעאלים געזאגט, אז זיי זיינען מרגלים. איז געפאלען א גרויסער פחד אפילו אויף די פרענקען. האט מען זיי געבראכט באלד זייערע מלבושים, און זיי האבען זיך געמוזט אנטאן אין די מלבושים פון די ספרדים. איז דער רבי ז"ל געווען אין גרוים צער צוליעב דעם. זיין מענש אבער האט געלאכט דערפון. איז דער רבי ז"ל געווארען אין כעס אויף איהם און האט געזאגט: „דו ווייסט גארניט פון דעם קטרוג, וואס עס איז אצינד אויף אונז אויף דעם עולם העליון". און ער האט געזאגט דעמאלט א וואונדערליכע זאך דעם מענשען. ער האט זי אבער ניט געוואלט מגלה זיין.

און דער רבי ז"ל איז זעהר געפעלען געווארען די חכמים. זיי האבען איהם געהאלטען פאר א גרויסען חידוש.

דערנאך איז דער רבי ז"ל זעהר פרעהליך געווארען און האט געזאגט: „ברוך השם, וואס מיר האבען זוכה געווען ניצול צו ווערען פון די גזלנים".

---

און דער רבי ז״ל איז געהאַלטען געוואָרען דאָרטען בכבוד גדול ביז נאָך יום טוב.

---

און די איינוואוינער פון שטאָדט האָבען באַצאָהלט פון זייער קעשענע די רי״ש טאַלער הנ״ל. זיי האָבען ניט געוואָלט נעהמען ביים רבין אפילו א פּרוטה אחת, כאָטש ער האָט געהאַט מיט זיך פיעל געלד.

---

נאָך יום טוב האָבען זיי די איינוואוינער פון שטאָדט געדונגען א שיף קיין סטאַמבול. זיי האָבען זיי אויך מיטגעגעבען א בריעף, אַז טאָמער וועט זיך חס ושלום מאַכען עפּעס א סיבה, זאָל מען זיי העלפען אין יעדער שטאָדט.

און אויף דער שיף זיינען געווען א סך גריכען. איז געווען צווישען זיי אַן עיפּוש רחמנא ליצלן. דער רבי אָבער מיט זיין מענשען האָבען דערפון גאָר ניט געוואוסט. זיי האָבען נאָר געזעהן, אַז די גריכען שטאַרבען אויף דער שיף.

און געלויבט איז השם יתברך, וואָס עס איז געוואָרען אַ שטורמווינט, האָט ער אָוועקגעטראָגען אין דער גיך די שיף קיין סטאַמבול. *). און כאָטש זיי האָבען געהאַט גרויסע יסורים דערפון, וואָס דער ים האָט געשטורעמט און די שיף איז אַזוי גיך געלאָפען, פונדעסטוועגען איז דאָס אָבער פאַר זיי געווען לטובה, ווארים די שיף איז זעהר גיך געגאַנגען און אויפן דריטען טאָג זיינען זיי שוין אָנגעקומען קיין סטאַמבול.

און זיי האָבען זיך געזאַמט דאָרטען צעהן טעג.

---

*) ביז צום סוף פּאַראַגראַף נאָר אין העברעאישען אָריגינאַל.

אין אויך אין סטאמבול זיינען זיי געווען אין סכנה. ווארים מחמת זיי האבען ניט געוויזען די פאספארטען דאר־טען, ווען זיי זיינען געפאהרען קיין ארץ־ישראל, דעריבער האבען זיי ניט געוואלט איצט אוועקלאזען זיי פון דארטען. זיי האבען באדארפט געבען א סך געלד, כדי זיי זאלען איצט קענען באקומען פאספארטען פון דעם טערק. זיי האבען אבער אזוי פיעל געלד ניט געהאט. האט השם יתברך זיך מרחם געווען אויף זיי און האט זיי מזמין געווען א מענשען, וואס זיי האבען איהם פריהער גאר ניט געקענט. און ער איז געגאנגען צו אן עלטסטען און האט געגעבען איהם געלד און האט גענומען ביי איהם א קוויטעל, אז מען זאל דעם רבין ז״ל מיט זיין מענשען ארויסלאזען פון דעם טויער פון דער שטאדט סטאמבול.

נאכדעם וואס זיי זיינען דורך דעם דאזיגען מענשען ניצול געווארען בשלום, זיינען זיי געגאנגען אויפן ים פון סטאמבול קיין גאלאץ, און זיינען צוגעקומען צו א שטאדט, וואס איז געשטאנען ביים ים. האט מען זיי דארטען גע־נומען אין תפיסה אריין מחמת זייערע פאספארטען. האבען זיי געמוזט געבען פיער רענדלעך פאר א מענשען, און מען האט זיי אפגעלאזט.

און פון דארטען זיינען זיי שוין געפאהרען בשלום. נאר דער ים האט עטליכע מאל געשטורעמט, און א פולע שיף פון די אנדערע שיפען, וואס האבען זיך געפונען אויפן ים, מיט גריכען, איז צעבראכען געווארען און דערטרונקען געווא־רען. נאר א קליינער טייל פון זיי איז איבערגעבליבען. גאט האט זיי מיט זיין גרוים רחמים למחוז חפצם געפיהרט. זיי האבען בשלום דעם גאנצען וועג דורכגעמאכט, ביז זיי זיינען געקומען קיין גאלאץ אויף חג השבועות.

---

און אַז זיי זיינען געפאָהרען פון גאַלאַץ אַהיים, זיינען זיי געפאָהרען דורך יאסי. און דאָרטען איז אַ גרויסער עיפוש רחמנא ליצלן געווען. האָבען זיי געהאט יסורים גרויסע אין יעדער שטאָדט און אין יעדען דאָרף. און מחמת דעם איז אויך געווען שווער אַריבער איבער דער גרענעץ. השם יתברך האָט זיי אָבער געהאָלפען, און זיי זיינען ניצול געוואָרען פון אַלצדינג: פון דבר וחרב און שביה און הונגער און דורשט. פון די דאָזיגע אַלע צרות וואָס זיי האָבען איבערגעלעבט. דורך גאָטס גענאָד זיינען זיי ניצול געוואָרען פון די דאָזיגע אַלע צרות און זיינען אַהיים געקומען בשלום, שלום בגופו, שלום בממונו, שלום בתורתו.

וואָרים ער האָט זוכה געווען אין ארץ־ישראל צו אַ וואונדערליכער השגה, וואָס איז אָהן אַ שיעור, אָהן אַ תכלית געווען. אין ארץ־ישראל פלעגט ער אַלע טאָג שרייבען אליין זיין תורה. ער האָט זי זעהר געריהמט און האָט געזאָגט, אַז דער חילוק פון דער תורה פון ארץ־ישראל צו דער תורה פון חוץ לארץ איז כרחוק מזרח ממערב. זיין השגה וואָס ער האָט משיג געווען אין ארץ־ישראל קען מען גאָר ניט באַשרייבען. עס איז ממש ניט געהערט געוואָרען, אַז אַ ילוד־אשה זאָל זוכה זיין צו אַזעלכע השגות דורך דעם אויר פון ארץ־ישראל. אַזוי ווי מיר זעהען אין זיינע הייליגע ספרים, וואָס ער האָט זיי געשריבען נאָך זיין קומען פון ארץ־ישראל. זיין זכות זאָל אויף אונז מגין זיין, אָמן.

# רשימה

## פון פערזאָנען, שטעדט, לענדער און ביכער, וואָס ווערען דערמאָנט אין דעם בוך.